


# שטערן

ליטעראריש־
קינסטלערישער־
און פּאָליטיש־
וויסנשאַפטלעכער
חוידעש־
זשורנאַל

11

מינסק — 1939

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ

# שטערנ

№ 11 — פופצנטער יאָרגאנג — 1939 נאָיאבער

אָרגאנ פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווססר

מ. ליפשיצ

## אפ מילכאמע

ניט געזעגנט זיכ מיט טאטע, מאמע,
ניט געווענ אינ געסט;
צוגענומענ האָט מענ סאנענ
אפ דעם אימפעראטאָרס קעסט.

זײַ געזונט־ושע פאָטער ליבער,
מאמעניו, געזונט פארבלײַב;
פײַנע בגאָדים צוגעקליבנ
האָט מענ אײַער זונ צום לײַב.

כאקע־הויזנ פעסט גענייטע,
אונ א מאנטל פונ געוואנט,
אונ צו די סאָלדאטסקע קליידער,
א סאָלדאטסקע ביקס אינ האנט.

האָבנ צו דעם ביקס וואָס קאָנ מענ,
ס'איז דאָכ נאָר א כויט געווער,
אויכ די קליידער די קאזיאָנע
זײַנענ אפנ לײַב ניט שווער.

שווער איז נאָר דאָס הארצ אונ ליידיק,
שווערער דער פארדראָס אליינ,
וואָס מיט פרײַנט זיכ מוז מענ שיידנ
אונ דעם קייסער דינענ גיינ.

אונ אומזיסט עס גיט דער קייסער
זײַנע יונגענ ניט קיינ ברויט
פאר סאָלדאטנ אלע ווייסנ
זײַנענ פיל קאזארמעס גרייט.

אין קאזארמע און אין טפיסע
פאָלגנ מוזטו וואָס מענ הייסט
זיי זייַנען, דעמ קייסערס שטיצע,
דער א'מפעריעס גאנצע טרייסט.

דאָרט זייַנענ די טירנ שטרענגע
און די ווענט דאָרט זייַנענ גראָב;
און בא זיי דארפ מענ געדענקענ:
אונטערטעניק טראָג דעמ קאָפּ.

נאָר פונ קינדער־טרוימענ צארטע
אונדזער העלד פארבלייַבט אז לאַנג
א געפיל אז עפּעס ווארט אימ
עפּעס גרייט זיכ אימ אינ גאנג.

א געפיל, אז בלוט און פייַער
דורכגיינ מוז ער ווי דורכ פראָסט
און אָט דער געפיל דער טרייַער
האָט איכ דאָ אימ ניט פארלאָזט.

און פונ ראטניקעס, פונ פילע
ווערמעס אויג עס צילט ניט שלעכט,
עס באקומט א דאנק אפילע
אונדזער יונג פאר טרעפנ עכט.

מויכל איז ער אָט דעמ קאָוועד,
דאָכ איז בעסער, אז מענ קאָנ;
און אינ אייגעמ אינ אנ אָוונט
קומענדיק פונ פאָליגאָנ,

אויסגערייניקט אלע טיילנ,
און דעמ קעסל ביזנ דעק,
הייסט מענ שטעלנ זיכ, צעציילנ
און זיכ צוגרייטנ צומ וועג.

און אינ טיפער נאכט, אינ שטומער
בא א דריטלענדיקנ קליאָנ,
ער דערהערט דעמ ערשטנ דונער
ס'איז געווענ ניט ווייַט דער פראָנט.

און פארפרי, אינ פעלדער ברייטע
בא די וועגנ פוכט און שווער,
ער דערזעט דעמ ערשטנ טויטנ
אינ א כאקע־הייז ווי ער.

נאָכדעם זיך די טעג פארלירנ
גראָב עס דריקט נאַך זייער וואָג,
זופּ מען ברענגט פארנאכט צו פירנ,
מייסים פירט מען אָפּ פארטאָג.

פרי אינ אָוונט, זופּ, הארוגים,
בלײַ אונ קוילנ, בערגלעך זאמד,
אונ פונ טיישווים לאנגע צוגנ,
וואַס פארלאָזנ זייער קאנט.

שטומ באאָבאכטנ בעטעווע
ס'אונדזער יונג ניט ליב געהאט,
אונ ביפראט ווענ ס'פײַנ, רעווענ
א סנאריאד נאָר א סנאריאד.

נאָר א שטילער, א באטראכטער,
דעמ פארדראַס דער יונג דערטרינקט,
אונ מיט זעלנער פרײלעך לאכט ער,
אונ זײַנ בײַזײַנ מאכט זיי גרינג.

וואָס אינ הארצ נאָר—ווייסט ניט קיינער,
אינ זיך שטיקט ער עס מיט גוואלד,
כאָטש ס'איז מעגלעך יעדער איינער
טראָגט אינ הארצ עס אונ באהאלט.

יעדער זעלנער מעגלעך צאָרנט
אָט ווי ער ס'קענ זײַנ געוויס,
ווער וויל אָפּגעבנ פאר גאָרניט,
אָפּגעבנ זײַנ קאָפּ אימזיסט.

אונ אינ אָט דער צײַט ווענ סאנעג
עס פארכאפט אזא געדאנק,—
פרעגנ בא די יונגע טאנענ
ליידנ קאָנענ זיי נאָך לאנג?

אינ אָט דער צײַט פונעמ פײַער,
דורך די פעלדער נאקעט הויל,
אפּ דערגאנצנ אונ אטכאיענ
פירט מען אָפּ אינ טיל זײַנ טייל.

אויב אינ שלאכט,—איך בעט א גראָשנ
בא דעמ זעלנער פאר דער וועלט,
איז אפילע טיפער אָסיענ
נאָנ שלאכט אימ אויך געפעלט.

ביז די הײַזער וועט מענ קריגנ
אונ א וואַרעמטאָנ זיכ מילד,
טראָגט אינ דערפל זיכ א ניגנ,
א האַרמאָניק פריילעכ שפּילט.

אײַ־דא, אײַ־דא, מיידלעכ שיינע,
מיידלעכ טאַנצט מיט אונדז צו זאַט,
טרעפּט נאָכ טענצער אָט אזוינע
ווי א רוסישער סאָלדאַט.

אײַ־דא, אײַ־דא, מיידלעכ שיינע,
דער האַרמאָניק איז פאַרשײַט,
אונ אינ אָט דער צײַט רופט איינער
סאַנע אָפּעט אָנ א זײַט.

ס'איז זײַנ פּאָנעם עטוואָס שטרענגער,
אפ די פּיס די זעלבע שיכ,
הייסט זײַנ נאָמענ פאַרגעדענקענ
דריקט די האַנט אונ זעגנט זיכ;

אונ אינ דלאָניע בלײַבט נאָר איבער,
א פּאַפּירעלע א ווײַס,
סאַנע לייענט גלײַכ עס איבער
לייענט איבער אונ צערײַסט.

אונ ביכדיי זיכ ניט פאַרגעסנ,
וואָס געשריבנ איז אָט דאָרט,
מאַכט ער זיכ אינ קאָפּ א קניפּל,
אונ פאַרכאַזוערט וואָרט אינ וואָרט.

אײַ־דא, אײַ־דא, מיידלעכ שיינע,
מיידלעכ טאַנצט מיט אונדז צוזאַט,
טרעפט נאָכ טענצער אָט אזוינע
ווי א רוסישער סאָלדאַט.

שטערנ ווײַזנ זיכ, ווי פונקענ,
פונ די וואָלקנס, ווי א רויכ,
אונ אינ קרײַז מיט אלע יונגענ
סאַנע גייט אַרײַנעט אויכ.

וואָס אינ האַרצנ—ווייסט ניט קיינער,
נאָר די פּיס עס גייענ גלאַט,
טרעפט נאָכ טענצער אָט אזוינע
ווי א רוסישער סאָלדאַט.

דער ניסתר

# צוויי טויטן, איין כאַסענע[1]

מיכאַלקעס נעוויִעס איז באַלד גלײַך מעקויעם געוואָרן — פאַר אַלעמען, טאַקע בענעגייע אים אַליין.

ער איז געווען אַלט, קרוכקע, קוים אומגעקראָכן און די פיס געשלעפּט, און אָפּט, אופשטייענדיק אינדערפרי, האָט ער שוין דאָס האַרץ ניט געפילט, גלײַך ס׳וואָלט זיך אים אַרויסגעקליבן פונעם ברוסט-קאַסטן אין די עלנבויגנס אָדער אין די פיאַטעס.

אין יענער נאַכט פון לויס און סרוליס וויזיט בא מוישע מאַשבער האָט, ווי סרולי האָט פאָרויסגעפילט, טאַקע אַזוי אָנגעשיט, אַז אופשטייענדיק אינדערפרי האָט מען דעם דרויסן ניט דערקענט. דאָס שטאַרק בלענדעדיקע שניי־ווײַסקייט האָט דאָס אויג פאַרכאַפּט ביז טרערן און ביז ניט צו גלויבן, אַז ערשט נעכטן איז אַפּ הײַנט אַזאַ וועטער־ענדערונג זיך גאָר געווען פאַרצושטעלן. דער סאָד איז געווען העכער די בוימער־קני פאַרשאָטן, דאָס זעלבע — דער הויף ביז אַרויף די טרעפּ פון קיך און פאַראַד־אַרײַנגאַנג; הײַנט דער דאַך פון שטוב און פון אַלע געבײַען אין הויף, ווי אַלע דעכער פון אַלע שטיבער פון יענער גאַס, אַפּ וויפל דאָס אויג האָט זיי אָנגעזען; הײַנט די גאַסן אַליין, וואָס האָבן אויסגעזען ביז העכער האַלבע בײַ־כער פאַרזינקען.

מיכאַלקע האָט, אופשטייענדיק יענעם פרימאָרגן, פיל צעטאָן געהאַט, צוערשט, באַם עפענען די טיר פון זײַן שטיבעלע אין דרויסן אַרויס, וואָס זי האָט זיך ניט געלאָזט און זײַנע שלאַבעריקע הענט ניט געגעבן, מאַכמעס דער פיל־אָנגעשאָטנקײַט, וואָס פון יענער זײַט; דערנאָך — באַם אָפּרייניקן אַ סטעזשקע צווישן זײַן שטיבעלע און צווישן דער קיך־טיר פונעם באַלעבאָס הויז, ווי אויך אַ סטעזשקע פון דאָרט ביז דער טויער־פאָרטקע, ווײַל ווען ניט, איז זיך אַהין ניט געווען צו דערקלײַבן. ער האָט אויך פיל אַרבעט געהאַט באַם אָנפּאָמפּען און ברענגען וואַסער פון דער קרענעצע, וואָס איז אים הײַנט פיל שווערער אָנגעקומען, ערשטנס, איבער דער פריִערדיקער אַרבעט באַם שניי רייניקן, און צווייטנס, איבער דעם, ווײַזט אויס, וואָס דער וועטער האָט זיך פון טרוקן אַפּ פײַכט געביטן, און האָט אים, ווי אַלע מאָל אין אַזאַ פאַל, דעם אָטעם פאַרשווערט. ס׳איז אים הײַנט אויך שווער געווען

[1]) אַ קאַפּיטל פונעם צווייטן טייל ראָמאַן „די מישפּאָכע מאַשבער“.

דאָס האָלץ אָנטראָגן, וואָס ס׳האָט זיך געפאָדערט מער, ווי ביז אהער, ווייַל אלע הרובעס אין שטוב האָבן שוין באדארפט מער ווינטערדיק געהייצט ווערן.

קייטל־זייגער — דאָס הינטל, וואָס אָנעם קאָל און מיטן ארויפהענגענדיקן באָמ־בעלריקן ביַיכל — איז דעם גאנצן פרימאָרגן, ווי שטענדיק זיַין שטייגער, כון זיַין באלעבאָס, פון מיכאלקען, ניט אָפגעשטאנען: — שטייענדיק און אים נאָכקוקנדיק, ווען יענער האָט זיך אפ איינ אָרט געהאלטן, און נאָכגעגאנגען און באלייט אים בא א זיַיט און פאמעלעך, ווען מיכאלקע האָט זיך פון אָרט אפ אָרט ׳גערירט. דאָס מאָל אָבער האָט קייטל־זייגער עפעס שטארק באזאָרגט געקוקט אפ מיכאלקען, ווי אפ א זאך, וואָס מ׳דארף דעראָפ גיט אכטונג גיבן, ווייַל אניט קאָן מען דאָס, צווישן יאָ און ניין, אומגעריכט און מיטאמאָל, נאָך אָנווערן.

קייטל־זייגער האָט געזען, ווי באַם האָלצ־ און וואסער־טראָגן שטעלט זיך מיכאל־קע אלע מאָל אָפ אינמיטן וועג, גלייַך ווי דאָרט, פונוואנען ער איז מיט דער מאַ־סע אָנגעקומען, האָט ער עפעס פארגעסן און האָט בעדייע באלד אהין זיך צוריק אומצוקערן; ווען אין דערעמעסן האָט אים אָפט גאָר פאָשעט אָטעם אויסגעפעלט, און ער האָט אויסגעזען אזוי, גלייַך אָט־באלד וועט ער די מאסע פון די הענט ארויסלאָזן און שטיין בלייַבן, ווי א גוילעם.

קייטל־זייגער האָט אויך באמערקט, ווי מיכאלקע האָט היַינט אויך, באם באקומען די פרימאָרגעדיקע פאָרציע אפן קיך, נישט איבעריק זיך דעם עסן אָפגעגעבן, ווי אלע מאָל, ווען ער קוקט אריַין אין שיכל מיט קאווענע, שמיצט און ווישט זיך דעם שטערן און די פאָטיליצע טיכטיק, גרונטעוועט און דערלאנגט דעם דנאָ, ווו ער לאָזט קיינמאָל קיין לעק און קיין ברעקל ניט איבער. ניין, דאָס מאָל האָט ער מארקירט, און א גרויסן טייל, א פיל גרעסערן, ווי באשטענדיק, האָט ער אים, דעם הינטל, אויסגעטיילט און אָפגעגעבן, מער וויפל ס׳קומט דעם און וויפל ס׳איז בע־קויעך אופצועסן.

קייטל־זייגער האָט אויך געזען, ווי נאָך דעם ווען מיכאלקע האָט זיך אָפגעפאר־טיקט מיט אלע זיַינע ארבעטן פארן באלעבאָס קיך, שטוב און הויף ביז נאָך האלבן טאָג, און איז, שוין שפעטלעך, צו זיך אין שטיבעלע אריַין און גענומען זיַין אייגן אייוועלע אונטערהייצן, האָט ער, הייצנדיק, ווי געווייגלעך — אפ די קני זיצנדיק און אלע מאָל צו דעם פיַיער אריַינקוקנדיק — דאָס מאָל זיך פארגעסן און ווי איַינגע־שלאָפן; און דערנאָך, אז ער האָט זיך אופגעכאפט און געוואָלט אופשטיין, האָט ער ניט געקאָנט אין זיך לעפעש גענוג אפן געזעס אוועקזעצן, און ערשט דערנאָך, קאראטשקענדיק זיך און אפ די הענט אָנגעשפארט, האָט ער קאָם־קאָם פון דער פאָל זיך א־פגעהויבן, ווי א קליינ קינד, אָדער, ווי א געליימטער, אומבאהאָלפן.

דעם זעלבן טאָג האָט — נישט ווי דער שטייגער איז נאָך א שניי — א שטאר־קער פראָסט גענומען.

ס׳איז געווען ערשט צו פארנאכט, ווען אין די היַיזער האָט מען שוין גענומען ליכט אָנצינדן. מיכאלקע האָט דעמולט, צוליב א געוויסער ארבעט נאָך א מאָל איני־דרויסן ארויסגייענדיק, דאָס דערפילט, און מוירע האָבנדיק, אז באנאכט זאָל זיך אים דאָס אייוועלע ניט אָפקילן, האָט ער נאָך א מאָל האָלץ אונטערגעלייגט. ער האָט ניט געציילט און, ווי ס׳וויַיזט אויס, האָט ער די מאָס איבערגעכאפט, ווייַל אין שטי־

בעלע בא אימ איז שוינ אזוי הייס געוואָרנ, אז ער האָט פונ גרויס היצ אוש דעמ העמד־קאָלנער געמוזט צעשפּיליענ און מיט דער אלטער צעטריפּעטער נעשאָמע צו פאָכענ.

ער האָט געמוזט צו זײַנ באנק־בעטל אָפּגיינ, זיכ אוועקזעצנ, ווײַל אויכ דער קאָפּ האָט זיכ אימ פארדרייט און אינ די הענט און פיס האָט ער א ברעכעניש, ווי פונ א טשאד דערפילט. ער איז צוערשט אפּנ באנק-בעטל געזעסנ, ווי מ׳זיצט גע־ווײנלעכ — אפּנ ראנד, דערנאָכ אָבער, אז דער טשאד האָט זיכ אימ אינ קאָפּ גע־מערט און אינ אלע איווורימ צוגעקומענ, האָט ער זיכ געגויטיקט אינ אנ אָנשפּאר פארנ קאָפּ און רוקנ, און ער האָט זיכ העכער ארויפגערוקט. דאָס שטיבעלע האָט זיכ אימ געדרייט, און אינ דער זעלבער צײַט האָבנ אימ אינ די אויגנ געגומענ שײַנ־רעדלעכ און ליכט-פינטעלעכ אומשווינדלענ, וועלכע האָבנ זיכ אימ דערנאָכ אינ פולע בילדער אויסגעפורעמט און פארגאנצט.

ער האָט אײַנגעדרעמלט און געזען:

ס׳איז ניט ווינטער איצט, נאָר זומער. ס׳איז אנ־אָפּדערנאכט. דער גאנצער הויפ שלאָפט שוינ, און נאָר ער איינער איז וואכ. און פּלוצלימ דערזעט ער אפּנ דאכ פונ שטוב, באמ קוימענ, עפּעס א הויכנ מענטשנ שטיינ, א מינ לאנגנ לוזינ, דאכט אימ, וואָס קישעפט; שפּרעכט אינ היכל ארופ און אפּ דער ערד ארּאָפּ אינ דער נאכט דער זומעריקער.

מיכאלקע דערשרעקט זיכ, ווילֿ זיכ צוריקציִענ, אז יענער, וואָס אפּנ דאכ, זאָל אימ אינ הויפ ניט דערזענ; אָבער ס׳גיט זיכ אימ ניט אײַנ: יענער באמערקט אימ, רופט אימ, און ער ווייסט ניט פארוואָס, נאָר ער מוז יענעמס רופ פאָלגנ און אליינ אויכ צומ קוימענ ארופקומענ... און פונ קוימענ פילט ער עפּעס א מינ רויכ ארויסקומענ, וואָס זעענ זעט מענ אימ ניט, נאָר יענער, דער לאנגער לוזי, טוט אימ דאָכ מאכנ פילנ מיט עפּעס מינעמ קינצנ, וואָס זײַנענ אייגנטימלעכ פאר אזוי־נע, ווי ער, וואָס טוענ אינ שט׳לע זומער־נעכט בא קוימענס קישעפנ... מיכאלקע ווילֿ דעמ קאָפּ אָפּקערעווענ, ניט צו שמעקנ פונעמ רויכ, אָבער יענער פארבאָט דאָס אימ, און ער מוז און איז געצוווּנגענ — אזוי לאנג, ביז דער קאָפּ פארדרייט זיכ אימ, און באלד־באלד האלט עס שוינ דערבײַ, ער זאָל פונ דאכ אינ הויפ אראָפּפאלנ און קאָפּ און רוק-און־לענד אינ שטיינ צעברעכנ...

דעמלט כאפּט ער זיכ א צ׳טערנדיקער אופּ, מיכאלקע, און טרעפט זיכ אפּ זײַנ באנק־בעטל אינ זײַנ שטיבעלע, בא א שטארק אָנגעהייצט אייוועלע, זיצנ. ער פילט, אז ער וואָלט איצט עפּעס בארארפט טאָנ, עפּעס פירנעמענ — זיכ אופהויבנ, די טיר אפּ לופט עפענענ, אָדער צוזאמענ מיט קייטל־וייגער אינ הויפ ארויס. אָבער ער קאָנ נימ: די איווורימ זײַנענ אימ שוינ אלט, און פונ געראנק ביז טאט, פונ וועלנ ביז טאָנ זײַנ ווילנ, ליגט אימ די לעצטע צײַט, ווי א גאס א לאנגע, וועלכע ער פוילט זיכ זי דורכצוגיינ.

און אָט שלאָפט ער ווידער אײַנ. ער פילט, אז קייטל־וייגער האָט זיכ נאָר־וואָס קעגנ אימ אפּ די אונטערשטע לאפּעס אוועקגעשטעלט און מיט די פאָדערשטע טאָ־רעט ער אימ, וועקט אימ, מוירע האָבנדיק פאר זײַנ אלטנ, שוואכנ קאָפּ, וואָס

רוקט זיך אים אראָפּ אַפּ אַ זײַט מעשונע, ווי אויך פאַר זײַנע שלאַבעריקע הענט, וואָס האָבן זיך אים אראָפּגעלאָזט, ווי פרעמדע און נישט זײַנע.

ס׳דאַכט זיך מיכאַלקען, אַז קייטל־זייגער, נישט קאָנענדיק פויען מיט זײַנע לאַפּעס גאָר נישט, פּרוּווט זיך עפּעס מיט זײַן גאָרגל און זײַן שטים צו מאַכן, און אַז ווען ער קאָן נאָר, קייטל־זייגער, וואָלט ער איצט, פון גרויס אומרו, ארויס מיט אַ שאַרף הינטישן ביל, וואָס ער האָט אים ערגעץ טיף אין די שטומע גדערעם אויפגעהאַלטן און געשלאָסן.

ער צײַלעמט זיך אין געראַנק, מיכאַלקע, פילנדיק, אַז ער פאַרלירט דעם קאָפּ אומווילק, אַז ער בויגט זיך אים אראָפּ און טוט אים וואָס אַמאָל טיפער און טיפער אין אַ זײַט אראָפּזינקען.

ער שלאָפט אײַן און זעט ווידער דעם לאַנגן לווין אַפן דאַך, ווי ער רופט אים ארויפצוקומען. ער איז ווידער געצוווּנגען, און ווידער איז ער מיט יענעם באַנאַנד דאָרט. אָבער איצט שוין נישט נאָר ער אַליין מיט לווין אינצווייען דאָרט פון אויבן, נאָר אויך דעם באַלעבאָס גאַנצע הויז־געזונט, און אַלעמענס פּנעמער זײַנען פון יענעמס קישעפן און שפּרעכן באַזאָרגט... אַלע שטייען שווײַגנדיק, קאָנען זיך ניט רירן און האָבן ניט קיין מעגלעכקײַט קיין וואָרט צו זאָגן, און מוזן נאָך דערצו דעם געוויסן רויך פון קוימען אין זיך אריינשמעקן, פון וועלכן אַלעמענס קעפּ פאַרדרייען זיך און אַלעמען ווערט פון אים אַפן האַרצן איבל; דער איקער אָבער אים, מיכאַלקען, און אויך דעם באַלעבאָס יִנגערער טאָכטער, דער קראַנקער, וועלכע ליגט שוין אַ צײַט און, ווי ס׳ווײַזט אויס, אָן שום האָפענונג אַפּ צוריק אויפצושטיין. ס׳ווערט זיי שלעכט, און ווי אַלע שטייען אַזוי שטיל און באַצווינגען, אַזוי דערהערט זיך אַ ווילד געשריי פון אַלעמענס מײַלער ארויסקומען, דערזעענדיק, ווי צוויי פון צווישן אַלעמען — מיכאַלקע און דעם באַלעבאָס טאָכטער — פאַלן מיט פאַרדרייטע קעפּ פון דאַך אין הויף אראָפּ, אַפּ כמעט אַנידערגעפּראַכטע... און מיכאַלקע דערזעט גלײַך אונטן אין הויף צוויי לעזײַעס שטייען אָנגעגרייט פון דאָרט זיך ארויסצורירן: — איינע, אַ קריסטלעכע—זײַנע—און ער אין אַ אָרען מיט אַן אָפּגעדעקטן פּאָנעם; די צווייטע, אַ יִדישע—דעם באַלעבאָס טאָכטער—אַפּ אַ מיטע, מיט אַ צוגעדעקט פּאָנעם...

און דאָ האָט מיכאַלקע מיט אַ מאָל אַ קוויטש דערהערט, וואָס ער ווייס ניט פון וואַנען ער איז געקומען — צי פון קייטל־זייגערס אָנשטרענגונג אַ האַווקע צו טאָן און אים פּ״נ בייזן כאָלעם אויפצוּוועקן, צי גאָר פון דער אַנטקעגנאיבערדיקער באַלעבאָס שטוב, וואָס אין דער שטילקײַט פון דער נאַכט האָט ער זיך אַהער אריינגעריסן — אַזאַ, ווי אַלע מאָל פון שטוב־מענטשן בײַ אַ כוילע באַנאַכט, ווען דער כוילע איז גויסעס און מ׳האַלט אים בײַ אָפּשײַען.

דעמלט האָט מיכאַלקע אַ ציטער געטאָן און שוין צום לעצט און צום איבעריקן דעם קאָפּ פאַרלוירן, האַלטנדיק אים קרום־קײַלעכיק אין אַ זײַט אראָפּגעלענט, ווי אַ מאַסע, וואָס ער איז זי מער ניט אימשטאַנד צו טראָגן, און אַזוי איז ער אים פאַרשטאַרט געבליבן.

קייטל־זייגער האָט אַ צײַט לעבן אים וואַך געהאַלטן, מיט די אונטערשטע לאַפּעס

אפּנ פאָל שטייענדיק אונ מיט די פּעדערשטע אינ מיכאַלקענ אָנגעשפּארט — אויכ פארשטארט.

דאָס קאניצל האָט זיי ביידע אינ זייער פארגליווערטקייט באַלויכטנ. קייטל־זייגער האָט די גאנצע נאכט פונ מיכאַלקענ די אויגנ ניט צוגענומענ. ביז שפּעט, ביז אזש פארטאָג, ביז דעמאָלט ווענ ער האָט צום לעצטנ אפּ מיכאַלקענ א קוק געטאָנ אונ זיכ איבערצייַגט, אז מיט זייַנ באַלעבאָס האָט דאָס לעצטע טרעפעניש געטראָפנ, אז יעד־נעמס אומבאַווענלעכקייַט איז ניט מאכמעס שלאָפ אָדער שיקרעס, נאָר דערפאר, וואָס אלעס לעבעדיקע איז אים אויסגעגאנ, — אָט דעמאָלט האָט קייטל־זייגער צום לעצטנ מאָל אויכ מיכאַלקעס הענט באַשמעקט אונ דערפילט, אז ס'איז שוינ פונ זיי נאָר ניט ניט צו ווארטנ, אז אלע כאַיעסנ האָבנ זיכ פונ זיי אָפּגעטאָנ אונ זיי זייַנעג הארט אונ קאַלט — פארהילצערט, — אָט דעמאָלט איז ווענ עמעצער וואָלט נאָענט צו מיכאַלקעס שטיבעלע אינ הויפ זיכ געפונענ, וואָלט ער פונ דאָרט א הינטיש קאָל ארויסדערהערט, וואָס איז זיכ פארגאנ אינ א שטיל־שטילנ, לעצט־ביטערנ וואָי...

יאָ, קייטל־זייגער האָט אפּ א ווייַלע צוריק דאָס קאָל באקומענ. אונ אינדערפרי, אז מ'איז אינ שטוב בא מוישע מאשבער אופגעשטאַנענ נאָכ א שווערער נאכט וואכנ באַם כוילע, בא זייַנ טאָכטער, וועלכע מ'האָט שוינ אינ א געוויסנ מאָמענט טאקע אָפּגערופנ; אז מ'איז אופגעשטאנענ, אונ די דינסט האָט זיכ צו דער טאָג־ארבעט גענומענ, אונ, ווי אלע מאָל, אינ מיכאַלקעס הילפ זיכ גענויטיקט באַם ברענגענ האָלצ, וואסער אונ אנדערע נויטיקייַטנ, אונ זי האָט אים גענומענ רופנ, אונ ער האָט, נאָכ איינמאָל אונ צווייטמאָל אריבערשרייַענ צו אים אינ שטיבעלע, זיכ ניט אָנגערופנ, — האָט זי זיכ פארכידעשט, די דינסט; אונ א קוק געבנדיק צו דער טיר פונ זייַנ שטיבעלע, וועלכע איז געווענ געשלאָסנ, אונ ארויסהערנדיק פונ דאָרט עפּעס א נישט געוויינלעכ דראַפּנ־זיכ אונ א שטיל־שטיל וואָיענ, איז זי צוגעגאנ, זי אופגעעפנט; אונ דעמאָלט האָט זיכ פאר איר א בילד פאָרגעשטעלט, וואָס לאַנג צו קוקנ דערויפ האָט זי ניט באַדארפט, זי זאָל גלייַכ פארשטיינ, וואָס דאָ איז פאר דער נאכט מיט מיכאַלקענ געשענ. ער איז געווענ טויט, קרום־קייַלעכיק אויסגעבויגנ אינ דער וואנט אָנגעשפּארט, אונ קייטל־זייגער האָט, קוקנדיק אפּ מיכאַלקענ אונ אפּ דער אריַנקומענדיקער דינסט, שטום־מרוקענדיק צו פארשטיינ געגעבנ, וואָס פאר א הינטיש אומגליק ס'האָט אים דאָ הייַנט געטראָפנ.

---

אוודע איז עס צו מוישע מאשבערס רומל אינ שטוב דעמאָלט נישט אָפּגעגאנ! נאָכ דאָס האָט דאָרט געפעלט!... ס'איז אזוי אויכ געווענ א פּילע שטוב אימגליק פונ ערעוו דעם, וואָס האָט דאָרט באַלד — הייַנט, מאָרגנ — באַדארפט טרעפנ, — דאָס, וואָס אפּילע נעכאָמקעס אונ נאָכעם לענטשערס פּיצעלעכ קינדער האָבנ שוינ געוווסט דערפונ אונ אפּ זייער קינדערשנ אויפנ דאָס דערשפּירט, אונ נעמלעכ: אז זייער מאמע איז שוינ נאָר אפּ געציילטע טעג א גאסט בא זיי, אונ אז זייערע יונגע לעבנס שטייט דאָ באַלד פאָר עפּעס א בראָכ אָנ א נאָמענ.

זיי האָבנ דאָס געפילט אינ דעם, וואָס די מוטער האָט זיכ שוינ א צייַט צו זיי ניט צוגערירט, נים בייכנ אָנטאָנ אונ אויסטאָנ זיי, נישט בייסנ עסנ־געבנ אונ

שלאָפנ־לייגנ, וואָס דאָס האָבנ שוינ פאר דער קראנקער נעכאָמקע געטאָנ אנדערע:— א מאָל די באָבע גיטעלע שטארק געטרײַ, א מאָל די מומע אידעס, וועלכע האָט נים געמאכט קיינ כילעק פונ צווישנ אירע קינדער אונ דער שוועסטערס, אונ א מאָל אויכ אפילע אליינ זייער טאטע, נאָכעמ לענטשער, וואָס, פונ נישט געוואוינט זײַנ צו קיינ פרויענ־ארבעט, איז זי בא אימ יעדערס מאָל ארויסגעקומענ לעפיש אונ מאנצבעליש—נישט געראָטנ.

אָבער דאָס אליינ, האָבנ די קינדער געפילט, איז נאָכ גאָר נישט: ס'מאכט זיכ, א מאמע ווערט קראנק, אָבער מ'קאָנ צו איר אלע מאָל אינ אלקער ארײַנקומענ, קינדערשע נויט אונ פרייד אויסדערציילנ, אונ בא איר א גוט־וואָרט, א מוטערלעכנ בליק ארויסקריגנ. דאָ אָבער האָט מענ שוינ די קינדער דאָס־אינ־אלקער ארײַנקומענ פארווערט. זעלטנ־זעלטנ נאָר, אפ איינ אויגנבליק, אי דאָס אויכ נאָר פונ א זײַט, אפ דער שוועל שטייענדיק; אונ יעדערס מאָל האָבנ די קינדער באמערקט, ווי זייער מוטער דערווײַטערט זיכ פונ זיי אלצ מער אונ מער, איר אויכזענ—נישט אירער, איר בליק—אָפגעפרעמדט, אונ אז זי כאפט יאָ ווענ א מאָל א קוק אפ זיי, ווענ זיי באווײַזנ זיכ, איז ווי עפעס א שלאנג וואָלט זי א ביס געטאָנ אינ סאמע מיטנ הארצ, אונ באזונדערס נאָכ, ווענ זי זעט זיי מיט זייער טאטנ, מיט נאָכעמ לענטשער, צוזאמענ.

אזוי ביז אהער. די לעצטע טעג אָבער איז זיי שוינ אפילע אויכ דאָס איבערגעכאפטע זעענ־זיכ פארבאָטנ, אונ מ'האָט שוינ גאָר אלע מאָל זייערע קינדערשע בורנוסלעכ אָנגעגרייט, זיי אָנגעטאָנ, קעדיי זיי אוועקצופירנ צו אייגענע, באקאנטע, ווײַל דאָ אינ שטוב, ווי מ'רעכט זיכ אפ אומגעריכטס, האלט מענ נישט פאר געהעריק זיי זאָלנ אינ א געוויסנ מאָמענט דאָ פארבלײַבנ.

מ'האָט דאָס שוינ מיט זיי געוואָלט טאָנ נעכטנ פארנאכט, נאָר אינ לעצטנ מאָמענט האָט מענ זיכ נאָכ באטראכט אונ זיי געלאָזט... אונ באנאכט, מעגנ זיי שווערנ, האָבנ זיי אינ מיטנ שלאָפ עפעס ווילדע קוילעס אופגעריסנ פונ פיל היימישע, אייגענע, קרויווימ אונ באקאנטע, וועלכע האָבנ צוליב זייער מוטער בא זיי אינ שטוב גענעכטיקט אינ האָבנ זיכ אלע מיט א מאָל, קורצווײַליק אָבער ווילד־וואָיענדיק, צעליא־עמט. זיי האָבנ זיכ אופגעכאפט, אונ אפ זיי צו בארויקנ האָבנ זיי לעבנ זיכ א פאָר היימישע שטוב־מענטשנ שטיינ געטראָפנ, אונ צווישנ די היימישע אויכ עפעס איינס א נישט-היימ'ש פאָנימ, דאכט זיכ, אונ דאָס איז געווענ די באָבע שיינצי, די באָבע פונ פאָטערס צאד, וואָס, ווי ס'ווײַזט אויס, האָט זי זיכ הײַנט באנאכט, ווענ זיי, די קינדער, זײַנענ געשלאָפנ, מיט א שפעט-אָוונטדיקנ צוג צוגעשטעלט.

יאָ, דאָס איז טאקע געווענ זי, די באָבע שיינצי, נאָכעמ לענטשערס מאמע, וואָס געוווירע ווערנדיק וואָס ס'דערנענטערט זיכ פאר א אומגליק צו איר זונ, האָט זי זיכ פונ איר ווײַטער פאָדאָליע, אזש פונ קאמענעצ אהער געלאָזט אונ א ווינטערדיק-אָנגעפעלצטע אינ שטוב ארײַנ.

זי איז גלײַכ ארײַנ צומ כוילע, צו נעכאָמקענ, וועלכע האָט זי שוינ קימאט נישט דערקענט, אונ אויב יאָ, איז זי איר שוינ נישט אָנגעגאנ, צוזעענדיק נאָר, ווי

זי שטײט בא א זײַט בעט און אירע אויגן זײַנען מיט קאלטלעכ־שוויגערישע טרערן פארפולט.

נעכאָמקע האָט אויכ באמערקט, ווי גלײַכ נאָכדעם, ווי יענע האָט זיכ פארשטעלט אביסל אויסגעוויינט, האָט זי איר זונ, נאָכעמען, אינ א זײַט אָפגערופן און מיט אים גענומען עפעס ווי אײַנטײַנען, אים טרייסטן, ווי געוויינלעכ מיסטאמ: אז ערשטנס, קאָן זאָכ גאָט העלפן; און צווײטנס, טאָר מען זיכ אזוי ניט אוועקלייגן: ס׳געשעט, און וואָס קאָן מען מאכן?

יאָ, טאקע: דערזעענדיק, ווי ס׳האלט, אז ס׳איז עק און בא אלע לעצטן, האָט די מאמע שײנצי געזען פאר אלעסען איר זון, נאָכעמען, וואָס ווײַטער פון כוילעס בעט אָפהאלכן און ווי ניט איז אים צו פארגרינגערן: ער זאָל זען בא זיכ רעכט מאכן, באצײַטנס בא זיכ פויעלן און אפ אלץ שוין גרייט זײַן.

— ער איז א טאטע און א יונגער טאטע, ער האָט קינדער, און ער טאָר זײַן וועלט ניט פארשפילן.

— וואָס רעדט זי?—האָט שוין איצט אפילע ער, דער אומגעטרײַער און קאלטער מאן, נאָכעם, א געבראָכענער געטײַנעט: נעכאָמקע... האָט ער אונטערגעכליפעט—אפ ווערמען לאָזט זי אונדז איבער—מיכ מיט די קינדער?

— מײַן קינד,—האָט די מאמע שײנצי אים געטרייסט,—גאָט איז אלעמענס פאָטער און אויכ א פאָטער פאר יעסוימים.

יאָ, אפילע אינ אָט דער לעצט־לאגע האָט מען געקאָנט ארויסזען דאָס אײגנהערציקײַט און זעלבסטפארליבטקײַט פון נאָכעמס בלוט־אײגענע און מישפאָכע—אויב איצט ניט אפ נאָכעמען אלײן, וועלכער האָט דאָכ אינמיטן רעכטן אומגליק געשטעקט, איז אפ זײַן מאמע שײנצי, וואָס איז אינ אזוינע לעצטע מינוטן א גאסט געקומען און זיכ אזוי שלעכט גלײַכ גענומען אופירן, אז אינ שטוב האָט מען פון איר אוועקגעקוקט, זי קימאַט פאר קײן אײגענער ניט גערעכנט און זי ווי גאָר ניט ניט באמערקט. זי האָט זיכ געהאלטן אזוי, גלײַכ די גרויסע שטוב־צאָ־ע איז איר נאָר אפ האלב נויגײע, און גלײַכ אויכ איצט וואָלט זי זיכ געפילט, ווי אפ א כאסענע—נאָר מײַסע כאָסנ־צאד.

זי האָט אפילע (ס׳אוואדע א ביזאָיען צו זאָגן) אינ סאמע געדיכטן קאָכ דעמלט גענימען אינ די שאפעס און אינ ידי גארדעראָבױס ארײַנקוקן, ווי מיט די אויגן דאָרט צו שעצן און ווי עפעס אָפצוטיילן איר זונס, נאָכעמס, קליידער פון די אײבעריקע, פונעם ווײַבס, גלײַכ ס׳האלט עפעס ערעוו א געט, ווען מאנ און ווײַב דארפן דאָס פריִער צוזאמען־אָנגעלעבטע איבערעכענען, קעדיי צו וויסן, וואָס, וויפל וועט, נאָכן צעגיינ־זיכ, אפ יעדערנס כיילעק אויספאלן.

ס׳האָט דאָס קײנער פון די שטוב־לײַט אינ גרויסע צאַרעס דעמלט, נאטירלעכ, ניט באדארפט באמערקן; נאָר דאָכ, אפ וויפל אפילע אינ אויסגענומענע פאלן; ווען דער זינען איז מיט פיל וויכטיקערס פארנומען, קאָן מען אמאָל אויכ א קלײניקײַט און א נישט זעעוויכטיקעס דערזען—אפ אזויפיל האָט מען דאָס אײַכ יאָ באמערקט, און פארשטענדלעכ שוין, וואָס פאר א געפיל דאָס האָט בא אלעמען פון די שטוב־לײַט ארויסגערופן. מ׳האָט—מאכמעס דער קאָפ דערשלאָגן—וואָס גלײַכ

פון געדאנק ארויסגעלאָזט, אוועקוקנדיק, קיינ אכט ניט לייגנדיק און ווי זיכ טראכטנ־דיק דערביי: אז אויב זי, די מאמע שיינצי, הייסט עס, איז אזא, וואָס ס'קאָנ איר איצט, אינ אזא צייט, אזוינע זאכנ אינ זינענ ליגנ, איז זאָל זי... וואָרעם וועמענ גייענ דענ איצט אָנ שאפעס און גארדעראָבעס?...

---

ס'איז געווענ אינדערפרי, נאָכ יענער שווערער נאכט בא נעכאָמקענ. ווענ מ'האָט זי שוינ איינמאָל טאקע געהאט אָפּגערופנ, און וואָס דעמלט האָט אפילע אזא, ווי די מאמע שיינצי, א קליינ ביסל אויכ איר קאָל צו די קוילעס פונ די איבעריקע שטוב־לייט—צו די אייגענע, באקאנטע און קרויווים, וואָס האָבנ דעמלט דאָרט גע־נעכטיקט—פארייניקט.

די גאנצע שטוב, אויסער קליינע קינדער, זיינענ געווענ נאָכ א נאכט ניט שלאָפנ, מ'האָט אויסגעוועגט געל, פארמאַרעט פונ וויסנ און האָבנ דאָס געפיל, אז די פארגאנגענע נאכט איז ניט קיינ עק אינ אויסגאנג פונעם צאער, נאָר ערשט א אָנ־הויב, וואָס די רעכטע, געדיכטע פאַרזעצונג דארפ ערשט — מעגלעכ היינט באטאָג, מעגלעכ קומענדיקע נאכט — נאָכ קומענ.

מ'האָט זיכ איצט גערייכט אפ די דאָקטוירים, וואָס מ'האָט נאָכ דער שווערער נאכט, גאנצפרי, געשיקט נאָכ זיי, און מ'האָט געוווּסט, אז זייערע וויזיטנ וועלנ שוינ קיינ שום פארבעסערונג ניט ברענגענ, אויסער נאָר לעצטע הייל־מיטלענ — וועלכע זיי וועלנ זיכ נאָכ פרווונ גיבנ, ווי קאנפער און פיזעמ.

פונ דרויסנ האָט א שטארק־פראָסטיקער דרויסנ אריינגעקוקט דורכ די פארכמורעטע פענצטער, אפ וועלכע ער האָט שוינ כונ סאָפ נאכט גענומענ מאָלנ זיינע טונקל־אָנגעברויגעוטע געמעלנ, וואָס די שיינ אינ שטוב איז פונ זיי אפ פיל געמינערט געוואָרנ.

אינ שטוב האָט א געוויסער אומעט געהערשט פונעם גאנצנ צאָרעס־רומל, וואָס האָט בא אלעמענ פונ פארלוירנקייט, ווי דאָס לאַשנ צוגענומענ.

דעמלט איז פלוצלים נאָכ די מייסע מיט מיכאלקענ באווּסט געוואָרנ.

די עלטערע דינסט, וואָס האָט אימ לאנג אפ ארבעט גערופנ און זיכ ניט דער־רופנ, און וואָס האָט, סאָפּ קאָל סאָפּ, זיכ צו זיינ שטיבעלע א לאָז געטאָנ, די טיר געעפנט און אימ געטראָפנ, ווי געטראָפנ — איז גלייכ אינ שטוב אריינגעקומענ און צום אלעמ פיינ, וואָס האָט שוינ מער, דאכט זיכ, דאָרט ניט געפעלט, האָט זי נאָכ א זאָג געטאָנ:

— זאָל מענ נאָר גיינ א קוק טאָנ צו מיכאלקענ... ער איז, דאכט זיכ, טויט, מיכאלקע..

— טויט? ווו, וואָס, און ווענ איז דאָס געשענ?

— זי ווייסט ניט, נאָר ס'דאכט זיכ איר אפ געוויס...

ס'זיינענ באלד דעמלט אייניקע אינ מיכאלקעס שטיבעלע אוועק, און קימענדיק צוריק, האָבנ זיי באלד גלייכ טאקע אינ שטוב די ריכטיקע טשוווע אריינגעבראכט, וועלכע האָט דער דינסטס ווערטער באשטעטיקט און האָט שוינ אלעמענ גאָר צום איבעריקנ געפעלט.

— דארפ מענ דאָכ עפּעס זענ טאָנ: צו וויסנ גיבנ, אימ צונעמענ, — האָט עמעצער פונ די שטוב-לײַט א באזאָרגטנ זאָג געטאָנ.

— ער האָט, דאכט זיכ, א טאָכטער ערגעצ, — האָט א זאָג געטאָנ א צווייטער. ס'איז דעמלט עמעצער טאקע אוועק טאָנ פאר מיכאלקענ, וואָס מ'דארפ. דאָס איז געווענ איינער פונ די קלייט-מעשאָרסעס — א עליאָקעס, אָדער קא זערוכע — וואָס אויכ זיי האָבנ די נאכט, צו הילפ די שטוב-מענטשנ, באם כוילע גענעכטיקט.

דער איבעריקער אוילאָם האָט — ווער יאָ, ווער ניט — די אינדערפריִענדיקע טיי אָנ טאם געטרינקענ.

די מאמע שיינצי איז נאָכ איר נעכטיקנ קומענ פונ איר שווערער, ווײַטער רײַזע, אוש פונ קאמענעצ, אונ נאָכ דער שווערער נאכט וואכנ בא דער שנור, איצט, אינ שלייער אָנגעטאָנ אונ די וועג-קליידער ניטש בײַטנדיק, אינ א זײַטיקנ אלקער ערגעצ אָפּגעגאנ, אונ האָט דאָרט, א מידע אונ א פרעמדלעכע, אפ א סאָפקע איבערכאכנדיק זיכ צוגעשפּארט אונ אפ אנ'ערנסט אײַנגעשלאָפנ. זי האָט זיכ ארויס־געדוקט אומבאמערקט, אונ קיינער האָט איר ניט נאָכגעקוקט, גלײַכ ס'איז פונ איר ניט צו פאָדערנ, אונ גלײַכ, ווי אזא, ווי זי, איז פונ ניט איר אומגליק נישט מעכויעוו צו לײַדנ.

די דאָקטוירימ, וואָס מ'האָט גאנצפרי גערופנ, האָבנ זיכ איצט, אליינ אויכ נישט קיינ אויסגעשלאָפענע אונ פאר דער צײַט אופגעשטאנענע, אינ שטוב ארײַנגעשטעלט אומווילִיק, נישט גערנ, אונ ווי נאָר קעדײי יויצע זײַנ פאר א שטוב, וועלכע זיי באַזוכנ באשטענדיק, אונ וואָס די לעצטע צײַט האָבנ זיי, אָנ שום הילפ צו ברענגענ, בא איר פארדינט היפשלעכ. זיי האָבנ, נישט האָבנדיק דאָ מער וואָס צו טאָנ, אויסער נאָר, ווי געזאָגט, פּיזעמ צו פארשרײַבנ, בלויז מיט דעמ טאקע זיכ גענוגנט, אונ מער, ווי דאָס, טאקע נישט פארשריבנ.

זיי האָבנ זיכ דאָס מאָל נישט גערנ געלאָזט באלייטנ. אונ באמ טויער, ווענ מ'איז זיי פאָרט נאָכגעגאנ אונ אפ זייער וואָרט געפרעגט, האָבנ זיי געענטפערט, ווי זיי ענטפערנ טאָמער ווענ געיינגט: „נאָט קאָנ העלפנ...“ וואָס א'נ מויל בא זיי קלינגט דאָס קאלט, פאלש אונ א סימענ אפ האָפנונגלאָזיקײַט אונ אז מער איבער־פרעגנ א'ז שוינ איבעריק.

פונ די מאנצבלעג א'נ שטוב איז שוינ קיינער, נאטירלעכ, אינ שטאָט אונ אינ די געשעפטנ דעמלט נישט ארויס. פארקערט, ווער נאָר א מעשאָרעס, אנ אָנגעשטעל־טער, א נעמענ, א בוכהאלטער, אָנ ווענענ מ'האָט זיכ אינ יענע געשעפטנ היינט געקאָנט באגיינ, איז איצט א היימ גערופנ געוואָרנ, אָדער מ'איז אליינ געקומענ, צו באהילפיק זײַנ אינ שטוב, אז טאָמער וועט מענ זיכ נויטיקנ אינ עמעצנ, — אימ ערגעצ-ווו צו שיקנ, ווענ מ'דארפ.

די טיר האָט זיכ אלעמאָל געעפנט פונ א נײַ-ארײַנקומענדיקנ, וועלכער האָט, נישט זאָגנדיק שוינ קיינ גוט-מאָרגנ אונ נישט פרעגנדיק בא קיינעמ „וואָס הערט זיכ?“, אליינ, שוינ נאָר מיטנ קוק, פארשטאנענ, אונ האָט זיכ גלײַכ צו א זײַטיק רעדל זײַניקע צוגערוקט — אָדער קעדײי בלויז נאָר אנדערע אויסצוהערנ, אָדער אליינ אויכ עפּעס א שטילנ, פאָרזיכטיקנ שעפטשע אינ רעדל ארײַנצוגעבנ.

דעמלט האָט מוישע מאשבער, נישט האָבנדיק אונ נישט ווּיסנדיק וואָס מער

פירצונעמענ, זיכ אוועקגעשטעלט דאוונענ. ער האָט אינמיטנ עס־צימער גענומענ טאלעס־אונ־טפילנ אָנטאָנ, עפעס זיכ איילנדיק היינט מער, ווי אלע טאָג, גלייכ ער האָט מוירע געהאט פאר א איבערשלאָג, וואָס קאָנ פלוצלינג פונ דער ק־אנקערס אלקער ארויסקומענ, ווענ ער וועט שוינ קיינ צייט ניט האָבנ אונ ניט באווייזנ... געדאוונט אָבער האָט ער, ווי מ'דארפ פארשטיינ, אָנ קאוואָנע אונ אָנ שום וואָרט צו באנעמענ, ווייל אלע מאָל האָט ער זיכ צו דער טאָכטערס אלקער געלאָזט, זענ, וואָס זי מאכט אונ ווי זי האלט דאָרט. ער האָט איינמאָל אפילע אויכ איר שוועל אריבערגעטרעטנ, ווענ זי, די טאָכטער, ארומגערינגלט פונ אייגענע אונ קרויווים, וואָס האָבנ בא איר בעט איר די נעשאָמע געהיט, האָט די אויגנ צוגעהאלטנ, נישט קוקנדיק אפ קיינעמ. אונ פלוצלים האָט זי זיי געעפנט, דעמ בליק צו דער טיר געווענדט אונ דעמ פאָטער אינ טאלעס אונ טפילנ דערזענ. זי האָט זיכ שטארק דערשראָקנ, אימ נישט דערקענענדיק, אונ קוקנדיק אפ אימ, ווי אפ א פרעמדנ, אָדער ערגער: ווי אפ אנ־אויסווייזוניש, ווי אפנ מאלעכ־האמאָוועס אינ א טאלעס.

— הא, טאטע...— האָט זי זיכ אָבער באלד געכאפט אונ אימ א ווונק געטאָנ צוצוגיינ, האָט זיינ האנט אָנגענומענ אונ זי ניט ארויסגעלאָזט פונ אירער, ווי ביכלאל זי איז געוווינט געוועזנ די לעצטע צייט צו טאָנ — דעמ פאָטערס האנט פונ אירער נישט ארויסצולאָזנ, בעטנדיק, ער זאָל שטיינ לעבנ איר, זיינ מיט איר, ווייל האלטנדיק זיינ האנט, האָט זי זיכ געפילט זיכערער אונ בעסער.

אז זי האָט אָבער ווידער די אויגנ פארמאכט אונ, ווי זיכ פארגעסנדיק, איינגעשלאָפנ, האָט מוישע מאשבער דעמ מאָמענט אויסגענוצט, זיינ האנט פונ אירער ארויסגענומענ אונ איז צוריק פונ אלקער ארויס.

דעמלט, שפעטער עטוואָס, האָט דער מענטש — עליאָקעמ, צי קאטערוכע, — וואָס איז געשיקט געוואָרנ מיכאלקענ צו באזאָרגנ, זיינ טאָכטער אָפצוזוכנ אונ איר וועגנ איר טאטנ צו וויסנ טאָנ — זיכ אינ שטוב אומגעקערט אונ געלאָזט וויסנ, אז ער האָט זי געבראכט, די טאָכטער.

יענע, די טאָכטער, האָט טאקע אינ דעמ מאָמענט שוינ בא מיכאלקענ אינ שטיבעלע זיכ געפונענ. זי איז אריינ, אונ דערזעענדיק אימ אינ זיינ אויסגעקרימטער לאגע זיצנ, מיטנ קאָפ אינ וואנט אָנגעשפארט, האָט זי א גרויס געוויינ ארויסגעלאָזט אונ אפ א קאָל אזוי צו קלאָגמוטערנ גענומענ, אז ס'האָט אוש אויכ אהער, אינ באלעבאָס הויז, אינ עס־צימער דערלאנגט.

מוישע מאשבער, וואָס איז דעמלט אינ טאלעס־אונ־טפילנ באמ פענצטער געשטאנענ, האָט, דערהערנדיק מיכאלקעס טאָכטערס אויסגעשריי, זיכ געדאכט, ווי זיינ אייגנ געשריי צו דערהערנ, אונ ער האָט א ציטער געטאָנ.

זי, די טאָכטער, איז אָבער באלד אנשוויגנ געוואָרנ. זי האָט זיכ דאָרט גענומענ, ווייזט אויס, מיט אימ פאָרענ, מיט איר פאָטער מיכאלקענ: אימ רעכט אוועקלייגנ, אימ אויסטאָנ אונ אימ צו קוורע איבערטאָנ.

שפעטער אביסל האָבנ נאָכ א פאָר מענטשנ — אייגענע, צי געדונגענע צוליב מיכאלקענ — מיט א אָרנ אונ א פורל זיכ באוויזנ. מ'האָט אימ פאמעלעכ ארויסגעטראָגנ, אפנ פורל ארופגעלייגט אונ פונ כויער ארויסגעפירט, אונ קיינעמ איז אינ

זינען נישט געווען, נאָך זייער ארויספאָרן, צו פארמאכן דעם טיער... און אָט, דורך אָ דעם זעלבן טויער, דעם נישט פארמאכטן, האָט מען אין דער זעלבער צייט אפ מאָרגן אויך נעכאָמקען, מוישע מאשבערס טאָכטער, ארויסגעטראָגן.

---

אפ יענער לעצטער נאכט האָט מען שוין אָן שום יישעוו נעכאָמקעס קינדער פון שטוב אוועקגעפירט, מ'האָט פארנאכט, ווײנענדיק, זיי די בורנוסלעך אָנגעטאָן, זיי פארשפיליעט, און מיט ווארעמע שארפעלעך זיי די העלדזלעך פארוויקלעניק, האָט מען זיי אפ נאכטלעגער אוועקגעשיקט אהין און צו יענע, צו וועמען מ'האָט געפונען פאר באקוועם און פאר די קינדער רויִקער און בעסער.

יענע נאכט האָט שוין קיינער — גאָר קיינער, אפילע ניט די מאמע שיינצי — מיט קיין אויג ניט צוגעמאכט. מ'האָט די קראנקע שוין נישט איינמאָל דעמלט אָפגערופן, און יעדערס מאָל, ווען די קוילעס האָבן זי צוריק צום לעבן אופדערוואכט, האָט זי אויסגעזען, ווי ווילד פארכידעשט און ווי שוין פון עפּעס ערגעץ אַן־אנדער וועלט א צוריקגעקערטע.

אלע האָבן זיך שוין דעמלט בא דער קראנקער אין אלקער געפונען, נישט אָפּ־טרעטנדיק פון איר, און ווי שוין קיין מוירע ניט האָבנדיק, אז די באזאָרגטקייט פון אלעמען זאָל אפ דער קראנקערס געמיט שלעכט ניט ווירקן, ווי ווען מ'פירט זיך, ווען ס'איז נאָך פאראן א וואָסערע ניט איז האָפענונג, ווען מ'זעט דעם כוילע ניט אזוי אייגן ארומצושטעלן, קעדיי פאר אים זיַין אייגענע סאקאָנע נישט ארויס־צוּווײַזן.

ס'האָבן דעמלט אויך אלע קלייט־און־קאָנטאָר־אָנגעשטעלטע גענעכטיקט און וואכגעהאלטן, כאָטש קיינער האָט זיך אין זייער הילף שוין נישט גענויטיקט, ווײַל אלערליי שעליכעסן און ארבעטן זײַנען שוין געווען איבעריק. אזוי אלע די גאנצע נאכט, ביז אינדערפרי, ווען פון דרויסן האָט שוין טאָג ארײַנגעקוקט, און ווען אין די שויבן האָט מען געזען, ווי א שטארק־גרימיריקער פראָסט פארנעמט זיך אפן טאָג. דעמלט האָט זיך פלוצלים דערהערט א קאָל פון דער קראנקער, וועלכע האָט זיך גראָד די לעצטע מינוטן עטוואָס בעסער געפילט און באַם פולן פארשטאנד גע־ווען — א קאָל א אויסגעשריי:

— פינצטער!... אוי ווײ, פינצטער!... טאטע, ווּ ביסטו?

— מײַן קינד, — איז מוישע מאשבער צו איר צו, זיך איבער איר איבערגעבויגן און איר דעם נויט־שוויס פון שטערן געווישט.

— ליכט!... צינדט אָן ליכט!... — האָט זי ווײַטער, שוין אין לעצטן קאלטן קראמפ געשריגן.

— מײַן קינד, — האָט זיך מוישע מאשבער דאָ שוין פון אָפענעם געוויין ניט געקאָנט אײַנהאלטן און איר א זאָג געטאָן דערבײַ פון גרויס צאער און פון פאר־צווייפלונג: — מײַן קינד, ס'איז קיינעם ניט פינצטער, נאָר דיר: דײַן וועלט גייט דיר אונטער.

און דאָ האָט זיך שוין די גסיסע אָנגעהויבן, מיט א כריפ און א הארצפאָכן, מיט א קרעכצן און מיט אלע כײַעסן פון דער ברוסט דורכן גאָרגל ארויסגיבן.

דעמלט האָט עמעצער, ווי שוין פון לאנג פאר יענעם מאָמענט אָנגעגרייט געהאלטן, מוישע מאשבער א סידער דערלאנגט, אופגעמישט אפ א געוויס אָרט, און מוישע מאשבער האָט מיט אים גענומען זיך צו דער קראנקער צוביגן און איר א זאָג טאָן:

— קינד מיינס, זאָג מיר נאָך... — און ער האָט איר גענומען די ווידע פאָרלייענען, ווי מ׳דארף, ווי ס׳געהער זיך און ווי דער דין פאָדערט:

„מודה אני לפניך ה׳ אלהי ואלהי אבותי שרפואָתי בידך ומיתתי בידך“[1]) און וואָס, דאָס דערזועענדיק, זיינען אלע אפ א ווײַלע אײַנשטימט געבליבן, נישט אויסגענומען קײנעם, סײַ פון די שטוב-אייגענע, סײַ פון די קרובֿים, ווי סײַ אויך פון די אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן זיך אלע איצט אין דער קראנקערס צימער פארזאמלט; און כאָטש אלע, אפילע די שטארקסטע, האָבן נאסע אויגן און טרוקענע גאָרגלען געהאט, דאָך האָט מען זיך שטיל און פײַערלעך געהאלטן, און קיינער האָט דעמלט קיין הויך געוויין ניט ארויסגעלאָזט.

ס׳האָט לאנג נישט געדויערט, ביז דער קראנקערס אָטעם האָט זיך גענומען באַרויִקן און אלץ שטילער און שטילער ווערן — אזוי שטיל, אז ווער ס׳וואָלט זיך געוואָלט נארן, וואָלט געקאָנט מיינען, אז זי איז אָט־אָט, גאָר גענעזענדיק, אײַנגעשלאָפן, ווען אינדערעמעסן איז דאָס שוין קיין שלאָף און בארויִקונג געווען, נאָר דער סאָף פון אלע סאָפן און דער צושטאנד פון פארשטארטקייט.

די מער דערפארענע האָבן דאָס גלײַך דערזען, און אפ דער טויטערס פאָנעם א קוק געבנדיק, האָבן זיי גלײַך גענומען די אייגענע פון איר בעט אָפפירן—גיטערלען, וואָס האָט זיך צו דער טאָכטער מיט א גוואלד-געשריי א ריס געטאָן: מײַן קינד, מײַן וועלט!... אויך אידעסן, די שוועסטער, וואָס אויך זי, פארן קאָפּ זיך כאפנדיק, איז פון דער מוטער נישט אָפגעשטאנען אין געשריי... אויך מוישע מאשבער אליין, וואָס איז א ווײַלע פארגליווערט געבליבן, ביז עמעצער האָט אים מיט עפעס א שטילן זאָג אופגערוואכט, אים ווײַטער אפן סידער אָנגעוויזן, און יענער, מוישע, האָט אינעם זעלבן סידער, פון וואנען ער האָט ערשט ניט לאנג פאר דער טאָכטער די ווידע ארויסגעלייענט, איצט גענומען זאָגן און גאָטס דין באַרעכטיקן;

שכני בתי חמר, למה תשאַו עיִן,
ומותר האום מן הבהמה אין...
ה׳ נתן, ה׳ לקח, יהי שם ה׳ מתברך[2])

און אויך ער איז אָפגעגאנגען.

דעמלט איז אפ דער פּצענע ארויסגעטרעטן, ווי יעדערס מאָל אין אזא צײַט, א נאָענטער, אָבער א זײַטיקער, אזא, וואָס ווייסט, ווי מ׳פירט זיך מיט קאָוועד פארנמעס, איז מעסוגל און האָט דעם נויטיקן מוט און ווערטער דערצו.

דאָ, אין דעם פאל, איז דאָס געווען עסטער־ראָכל־יענע, וואָס מ׳האָט זי גע־

1) כ׳דאנק דיר גאָט, מײַן גאָט, און דער גאָט פון מײַנע עלטערן, וואָס מײַן היילונג איז אין דײַן האנט און מײַן טויט אין דײַן האנט.

2) איר, וואָס וווינט אין ליימענע שטיבער, מיט וואָס נעמט איר זיך איבער, אז דער מענטש מיט דער בעהיימע איז באגלײַך... גאָט האָט געגעבן, גאָט האָט צוריק גענומען, זאָל גאָטס נאָמען זײַן געבענטשט.

רופנ „די לעדערנע צאדייקעס“. מוישע מאשבערס א ווײַטלעכע קרויווע; אלע יאָרנ אינ נויט אונ אינ פרומקײַט; אלע יאָרנ פונ איר מאנס צווייענדיקער פארנאָסע—פונ אײַנבינדערײַ אינדערוואָכנ אונ א שאמעש זײַנ אינ א קלײַנ, אָרעמ באלמעלאָכע־שולעכל אומ שאבעס—האָט זי קײנמאָל קײנ ברויט צו זאט ניט געהאט; אָבער זי האָט זיכ קײנמאָל ניט געקלאָגט, קײנמאָל צו קײנע קרויווימ, אפילע אויכ צו מוישע מאשבער, גישט אָנגעקומענ נאָכ גאָר נישט, אויסער נאָר נאָכ באָרשטש אפ פייסעכ; אונ וואָס טאָמעד, ווענ מ'האָט זי ניט א פרעג געטאָנ: „עסטער־ראָכל, וואָס הערט זיכ?“—האָט זי יעדערס מאָל אײנ שטיל־ווערטלדיקנ ענטפער געהאט צו ענטפערנ: „נישקאָשע, מוישע אײַנבינדער (איר מאנ) אונ דער ריבוינע שעל אוילאָמ פארלאָזט ניט, אונ יאקאָס שלאָגט מענ זיכ דורכ“, ווי זיכ אָפּטרייסלענדיק אונ אוועקמאכנדיק אלע ענלעכע זי־באדויערנדיקע פראגעס, כאָטש איר פּאָנעמ איז געווענ א גענוגער איידעס אפ דער מוירעדיקער נויט, וואָס האָט עס געמאכט פארהארטעוועט, פארלעדערט אונ ווי אפ קײנ מינדסטער פרײלעכער מינע שוינ נישט פײַיק.

פארמעגלעכע קרויווימ האָבנ זי אויסגענוצט אפ כאסענעס—אפ אכטונג גיבנ באמ קאָכנ־באקנ אפ די סארווערס אונ סארווערנס; אָדער בא קינפעטאָרנס, אונ בא א כוילע צו וואכנ; אָדער, ווי איצט דאָ, בא מוישע מאשבער, בא זײַנ קראנקער טאָכטער שוינ באמ לעצט.

דעמלט איז ארויסגעטרעטנ עסטער־ראָכל... נאָכ דעמ, ווי מ'האָט די אײגענע—בייטלענ, אידעסנ אונ אייכ די אײגענע מאנצבלענ—ארויסגעפירט, איז זי צו דער טויטערס בעט צוגעגאנ, זיכ איבער איר איבערגעבויגנ אונ א זאָג געטאָנ, ווי מ'זאָגט צו א לעבעדיקער צומ הערנ אונ צומ פאָלגנ:

— הײליקע נעשאָמע פונ נעכאָמע באס מוישע, גײ אהינ, פונ וואנענ דו ביסט געקומענ אונ לאָז דײַנ כוימער [1]) דיר באדינענ.—אונ זי האָט איר גענומענ די אויגנ פארמאכנ, הענט אונ פיס אויסציִענ, די קישנ פונ אונטערנ צוקאָפּנס אוועקנעמענ אונ דאָס פּאָנעמ פארדעקנ.

זי האָט נאָכדעמ, ווי זי האָט דאָס אלצ אָפּגעטאָנ, אויכ צומ שפיגל, וואָס איז אפ דער וואנט געהאנגענ, צוגעגאנ אונ אויכ אימ פארדעקט, דערנאָכ האָט זי צו די ארומשטײענדיקע זיכ געווענדט אונ א זאָג געגעבנ:

— זאָל מענ גײנ, הײסנ אויסגיסנ די וואסער.

שפּעטער א ביסל האָט מענ געטאָנ מיטנ מעס, ווי מ'טוט געווײנלעכ: אימ אָפּגעהויבנ, אפ דער ערד געלײגט אונ באמ צעקאָפּנס ברענענדיקע ליכט אוועקגעשטעלט.

דאָס אָבער האָבנ שוינ געטאָנ אנדערע—מאנצבלענ, נישט עסטער־ראָכל. אונ צו יענער צײַט איז מענ צו מוישע מאשבער, צו גיטעלענ, צו אידעסנ אונ אויכ צו נאָכעמ לענטשער צוגעגאנ, אונ זיי געריסנ „קריִע“: בא מוישע מאשבער אונ בא נאָכעמענ האָט מענ די לאצנ פונ די קאפּאָטעס אײַנגעשניטנ, דערנאָכ מיט די הענט זיי טיפ א ריס אראָפּ געטאָנ, זיי זאָלנ זיכ אראָפּהענגענ, די לאצנ, אונ בא גיטעלענ אונ בא אידעסנ האָט מענ אזוי אויכ טיפ די קאָפטלעכ אײַנגעשניטנ.

מיר ווילנ ניט דערציילנ, וואָס איז דעמלט ווײַטער פאָרגעקומענ, ווי אזוי די אײגענע, קרויווימ, אויכ נאָענטע שכײנימ האָבנ זיכ ארומ מעס ארומגעוועצט אונ

[1]) — לײמ; מ'מײנט—דער גופ.

אים באוויינט. מירנ אויכ ניט דערציילנ ווי אזוי גיטעלע האָט, ניט זעצנדיק זיכ, די גאנצע צײַט אינ אנדערע צימערנ,—אמאָל אינ איינעמ, אמאָל אינ א צווייטנ,—פונ וואנט צו וואנט אומגעשפאנט, ווי ווארטנדיק, מ׳זאָל צו איר,—אָט־אָט, פונמ מעס־צימער מיט א יעדיִע ארויסקומענ, אז ס׳איז אומעגלעכעס געשענ, אז די טאָכטער איז איר צוריק לעבעדיק געוואָרנ.

זי איז אזוי אומגעגאנ, ביז באטאָג, ווענ כעוורע־קאדישע האָבנ זיכ שוינ באַוויזנ, ווענ דורכנ אָפענעמ טויער, דורכוואנגע מ׳האָט ערשט נעכטנ מיכאלקענ ארויסגעפירט אונ וואָס מ׳האָט אימ פארגעסנ פארמאכנ, האָבנ זיכ איצט ארײַנבאוויזנ צוערשט א פאָר קויטיק־פארזשמורזשעטע ווײַבער מיט עפּעס מינעמ מעשענע, שוינ לאנג ניט־געשײַערטע טעפּ אונ קאנענ צו דער טארע; אונ נאָכ יענע ווײַבער האָבנ זיכ אויכ די נאָסע־מיטע [1] באוויזנ: איינער א ייִד מיט דרײַ דרענגלעכ אונטערנ אָרעמ, דער צווייטער—מיט א שווארצנ טוכ, דערווײַל נאָכ א צונויפגעלייגטנ, אונ דער דריטער מיט א קיל שטרוי אפ דער מיטע אויסצושפּרייטנ.

אָט דעמלט, ווענ אינ קיכ אונ אינ פאָרהײַזל האָבנ שוינ די געשטעלטע טאמאָ־וואַרעס גענומענ פארזידנ, אונ די קויטיק־פארזשמורזשעטע טארע־ווײַבער האָבנ מיט פלינקע הענט אונ דערפארנ זיי גענומענ טאסקענ אהינ, אינ יענעמ צימער, וווּ דער מעס איז שוינ אפ צוזאמענגעשטעלטע טישנ געלעגנ אונ, וווּ מ׳האָט אימ באדארפט זײַנ „רעכטס“ טאָנ,—אָט דעמלט האָט גיטעלע, ווי א טיגער־מוטער זיכ אינ יענעמ צימער ארײַנגעריסנ, ווהינ נאָר גאָר שטארקע, גאָר־גאָר אויסגעהאלטענע זײַנענ ארײַנגעלאָזט געוואָרנ, ווי א עסטער־ראָכל.

עסטער־ראָכל האָט זי אינ ווילדעניש דערזענ אונ איז צו איר צו... גיטעלע האָט עפּעס א ריטשע געטאָנ אונ באלד גלײַכ אײַנשוויגנ געוואָרנ, אונ שטיל ווערנדיק, האָט זי האלב־דול, אונ שוואכ־נאָכגיבעניק בא עסטער־ראָכלענ א פרעג געטאָנ:

— זאָג מיר, כ׳בעט דיכ, עסטער־ראָכל, נאָר איינס: צו זענ דאָס טאקע מײַנע אויגנ?

— יאָ,—האָט איר יענע גלײַכ אונ אָנ קרימעניש געענטפערט—זעסט, אונ, ווי א ייִדישע טאָכטער, לאָז איר איר רעכטס טאָנ... גיי, גיי פונ דאנענ, גיטעלע.

דאָס האָט עסטער־ראָכל מיט גיטעלענ אזוי הארב גערעדט, קעדיי זי אומצוקערנ צומ זינענ, ווײַלכנ זי האָט שיר־שיר שוינ נישט געהאט אָנגעווירנ.

מ׳האָט באלד דאָרט, נאטירלעכ, געטאָנ, וואָס מ׳דארפ. מ׳האָט מיט שטארק־הייסער וואסער דעמ מעס ארומגעוואשנ, טאכריכימ אָנגעטאָנ, אפנ קאָפּ, ווי ס׳פירט זיכ, דעמ פרומענ־טשיפּיק, אויכ געזאָגט דערבײַ די געוויסע פסוקימ, צו דער לאגע געהעריקע, ווי וזרקתי עליכם מים טהורים [2] א. א. ו.

אינ דרויסנ דערווײַל האָט מענ שוינ דעמלט די מיטע געהאט אויסגעפארטיקט. איינער א נאָסע־מיטניק האָט אפ א קיכ־בענקל צוויי דרענגלעכ אָנגעשפּארט אונ זיי אינמיטנ מיט א שטריקל אינ אלאכסנ דורכגעפלאָכטנ—א מינ ליגער־אָרט פארנ מעס. ער האָט פונ געבראכטנ קיל שטרוי א קליינ ביסל ארויסגעכאפּט, אונ ווי מ׳מאכט א גארטל צי א טווע־גארב, אזוי האָט ער פלינק אונ מיט א געני־

[1] מייסעמ־טרעגער.

[2] כ׳וועל אײַכ זויבערנ אינ ריינע וואסערנ.

טער האנט, דאָס אינ האנט א דריי טוענדיק, דערפונ א מינ קאָפּנ־קישעלע אויסגעמאכט, אונ פונ א צווייט ביסל—פאר די פיס אנ אָנשפאר, אונ די איבערגעבליבענע שטרוי האָט ער אינ דער לענג פונ דער מיטע אויסגעשפרייט. באלד האָבנ די אנדערע צוויי נאָסע־מיטניקעס דעמ מעס, אינ א ווײַסנ לײַלעכ געהילט, פונ שטוב ארויסגעטראָגנ. איינער האָט געהאלטנ דעמ לײַלעכ אינ א זשמוט צונויפגעדרייט צופיסנס, אונ דער צווייטער—צוקאָפּנס, אונביידע האָבנ, זיכ וואקלענדיק, די שווערע מאסע צו דער מיטע צוגעבראכט.

דעמלט האָבנ זיכ אלע היימישע, אייגענע, קרויוועס, שכיינעס, אונ ווער נאָר פונ ווײַבערשנ געשלעכט ס׳איז צו מוישע מאשבערס שטוב נאָענט געווענ צו דער מיטע זיכ א לאָז געטאָנ אונ זי ארומגערינגלט; אונ פונעמ רעדל ,פונעמ געדראנג, אונ פונעמ ציטעריק־פּאָרכטיקנ פלאָנטער, וואָס האָט זיכ געבילדעט ארומ די נאָסע־מיטניקעס, וועלכע האָבנ זיכ, אײַלנדיק, ארומ מעס געפּאָרעט, אימ אײַנמאָסטנדיק אונ צודעקנדיק—האָבנ זיכ פארשידענע קולעס אונ געשרייענ ארויסדערהערט:

— גוטע מאלאָכעמ זאָלנ דיר אנטקעגנ גיינ...

— אוי, אזא יונגער בוימ! ווײ צעקלאָגנ...

— הייליקע צאדיקימ זאָלנ פאר דיר טיר אונ טויער צעעפענענ...

— זאָלסט זיכ מיִענ אונ זכוס טראָגנ...

אונ גיטעלע איז אפּ דער שוועל, דורכ וואנענ מ׳האָט נאָרוואָס דעמ מעס ארויסגעטראָגנ, שטיינ געבליבנ, זי איז צו דער מיטע ניט אראָפּ, האָט האלב דול אפּגעדרענג, וואָס ארומ דער מיטע, אראָפּגעקוקט, האלטנדיק די גאנצע צײַט נאָר אינ איינ שטילנ פרעגנ בא זיכ אליינ דאָס, וואָס זי האָט בישאס טארע א פרעג געטאָנ בא עסטער ראָכלענ:

— צי זענ דאָס טאקע אירע אויגנ?..

באלד האָט זיכ די לעוואיע גערירט. באלד האָט זיכ דערהערט דער געווייסער קלאנג פונ דער בלעכענער צדאָקע־פּושקע, אינ דער האנט פונ איינעמ א כעוורע קאדישע שאמעש, מ׳איז ארויס דורכנ טויער, דורכ וועלכנ מ׳האָט נעכטנ ארויסגעפירט מיכאלקענ אונ אימ ניט אינזינענ געהאט צו פארמאכנ, אונ מ׳האָט אימ אויכ איצט ניט פארמאכט.

אונ שפּעטער אביסל, ווענ די לעוואיע איז שוינ אוועק, ווענ די פיל באלייטערס, וואָס זײַנענ געקומענ מוישע מאשבערס מעס קאָוועד אָפּגיבנ פונ מארק־מענטשנ, פונעמ קלויז אונ אנדערע, זײַנענ פונ גאס אונ פונ אויג שוינ פארשוווּנדנ, האָט מענ אביסל ווײַטער פונ טויער, אביסל אינ גאס ארויסגערוקט איינעמ נאָר א מענטשנ, א פונעמ גאנצנ אוילאָמ איבערגעבליבענעמ געקאָנט זענ...

דאָס איז געזיענ אלטער, וואָס קיינער האָט זיכ אפּ אימ די לעצטע טעג ניט אומגעקוקט — נישט ווענ ער האָט זיכ אינ שטוב געוויזנ, אונ נישט, ווענ אויכ ניט. מ׳האָט אימ פונ זינענ ארויסגעלאָזט, נישט באמערקנדיק, ווי ער האָט געוואכט באגלײַכ מיט אלעמענ אינ יענער נאכט, ווענ מ׳האָט נעכאָמקענ צומ ערשטנ מאָל אָפּגערופנ; נישט אויכ דעמ צווייטנ טאָג, ווענ ער האָט, ווידער צוזאמענ מיט אלע, ווי א שאָטנ ארומגעבלאָנדזשעט; אונ אויכ נישט הײַנט, ווענ מ׳האָט זיכ ארומ מעס געפּייסיקט, בייס ער איז אונטנ, אינ עס־שטוב, מיטנ פּאָנעמ צו א וואנט געשטאנענ

און שטיל געװײנט פאר זיכ אלײנ, נישט צושטײענדיק אינ שוטפעס צו קײנעמ און פונ קײנעמ ניט געטרײסט באקומענ. ער האָט זיכ, מאכמעס נישט געװוינט זײַענדיק צו מענטשנ, נישט אײַנגעשטעלט מיט דער לעװײַע מיטצוגײנ, און ער איז נאָר פונ טויער אפנ גאס ארויס, און לאנג אינ יענער ריכטונג, װוּהינ די לעװײַע האָט פארקערעװעט, זײַנ בליק געװענדט.

ער איז געשטאנענ פארכושט און פארגליװערט, װי א כײַע, װאָס האָט דעמ װעג פארלוירנ. און באלד האָט מענ געקאָנט זענ, װי גלײַכ אימ צו טרײסטנ, האָט זיכ פונ װאנענ, פונ װוּ צו אימ צוגעשטעלט דאָס הינטל קײטל־זײגער, װאָס איז שוינ פונ נעכטנ אָנ געװענ אָנ א באלעבאָס, און װאָס אויכ ער איז קײנעמ פונ די שטוב־לײַט נישט אָנגעגאנ און פונ אלעמענ פארגעסנ. און בײדע זײ — אי אלטער, קײטל־זײגער — האָבנ זײערע בליקנ שטיל אינ אײנ ריכטונג געװענדט — אהינ, װוּהינ מ'איז מיטנ מעס אװעק.

אלטער װאָלט אזוי לאנג — מעגלעכ ביז אינ דער נאכט ארײַנ און ביז פונ פראָסט פארסטאָרטשעט װערנ — געשטאנענ; נאָר באלד האָט זיכ, פונ הויפ ארויסגײענדיק, באװיזנ גנעסיע, דאָס אינ דער שטיל פאר אימ פארקנאסטע דינסט־מײדל, װעלכע האָט אימ צופעליק דערזענ, איז זי צו אימ צוגעגאנ, אימ פונ פארגליװערטקײַט אופגעװעקט און אינ שטוב ארײַנגערופנ.

די שטוב האָט דעמלט אויסגעזענ, װי אלעמאָל, װענ מ'טראָגט ארויס א מעס: די טירנ פונ צימער צו צימער צעפראלט, און נעצ־סימאָנעמ פונ טארע און פונ פיל פרעמדע פוסטריט, װאָס זײַנענ ערשט נאָר װאָס דורכ די אופגעעפנטע טירנ ארײַנ און ארויסגעגאנגענ.

און דאָרט, אפנ „פעלד“, װוּהינ מ'איז מיטנ מעס אָנגעקומענ שוינ שפעטלעכ, ערשט פארנאכט צו, מאכמעס צוגײנ אהינ איז א גרויסער מעהאלעכ, האָט מענ דעמלט געטאָנ, װאָס מ'טוט אפנ „פעלד“. מ'האָט זיכ פריִער זיבנ מאָל אינ „אויהעל“ ארומ בארמינענ געדרײט, דערנאָכ דעמ „צעדעק־האדינ“ געזאָגט; און דערנאָכ, אז מ'האָט דעמ מעס צומ קײװער צוגעבראכט, און דער קײװער איז, מאכמעס דעמ גרויסנ פראָסט, װעלכער האָט פארשװערט דאָס גראָבנ, נאָכ ניט אינגאנצנ פארטיק געװענ, האָט מענ נאָכ א קלײנ ביסל געמוזט אויסװארטנ און מ'האָט דעמ מעס שוינ אינדערפינצטער, בא א לאמטערנ, אינ גרוב אראָפּגעלאָזט.

דאָס מאָל איז בא דער קװירע, װי אלע מאָל בא כאָשעװע שטאָט־מענטשנ, בײַגעװענ אלײנ הערשל ליװער. ער האָט, שטײענדיק באמ קײװער־ראנד צוקאָפּנס, האלטנדיק דעמ לאמטערנ און ארײַנלויכטנדיק מיט אימ, אהינ ארײַנ געקאָמאנדעװעט מיט פלײַס, זעענדיק, אז אלצ זאָל דאָרט געטאָנ װערנ, װי ס'געהער צו זײַנ און װי אלע מינהאָגימ פאָדערנ.

— דעק איר אָפּ דאָס פּאָנעמ, — האָט הירשל ליװער, מיטנ לאמטערנ צולײַכטנדיק, צו דער שאמעשטע, װעלכע האָט זיכ אינ קײװער מיטנ מעס געפּאָרעט, ארײַנגעשריגנ.

— די שערבעלעכ... די גאָפּעלעכ...— האָט ער װײַטער ארײַנגעשריגנ, װענ מ'האָט בארארפט דעמ בארמינענ די אויגנ פארדעקנ און אינ האנט א צװײַגל, װי א גאָפּעלע ארײַנצוטאָנ צוליב באװוּסטע אבערגלויבישע סגולעס.

באלד האָט מוישע מאשבער, מאכמעס זײַן טאָכטער האָט קיין דערוואקסענעם „קאדעש“ נישט געלאָזט, אליין דעם קאדעש גענומען זאָגן, דערבײַ האָט ער עפּעס א מעשונע כליפּע געטאָן שוין באם ערשטן וואָרט „יסגאדעל“ און אלע איבעריקע ווערטער זײַנען אים פארכליאָנעטע צווישן דער ווײנענדיקער באָרד און ליפּן געבליבן.

מ'האָט די אווײלים געטרייסט, ווי ס'פירט זיך. אלץ ווי ס'באדארף צו זײַן. נאָר אז אלץ איז אָפּגעטאָן געוואָרן און דער אוילאָם האָט גענומען פונעם קייווער אָפּגיין, איז מוישע מאשבער נאָך מיט די האלב־פארגליווערטע קאדעש־ווערטער אין מויל איבער דער שוין פארשאָטענער גרוב געשטאנען, ווי אונטערגעריסן און ווי נאָר דער וועלט־אינטערעס האָט זיך אים אָט דאָ, בא אָט דעם בערגל ערד, אויסגעלאָזט; און אז לוזי, וואָס איז נאטירלעך איינער פון די באגלייטער געווען, איז צו אים צוגעגאנגען און אים זײַן צאער געוואָלט מיט א וואָרט, א פראגע, צעשלאָגן, האָט יענער, מוישע, אפּ אים א שטארק־פארכידעשטן בליק געטאָן און א זאָג געגעבן דערבײַ האלב טויב און ווי פון אַן־אנדער וועלט אראָפּ:

— הא, א האלבע וועלט זײַנע איז שוין דאָ, — האָט ער אפּן קייווער אָנווײַזנדיק, געזאָגט, — און אויך די אנדערע וועט מיסטאמע ניט פארזאמען אהין אראָפּצוקומען.

— וואָס רעדט ער?

— דאָס וואָס ער הערט — האָט יענער שארף געענטפערט, — ס'האלט איצט בא אים, בא מוישע מאשבער, הייסט עס.

* * *

און מוישע מאשבער האָט זיך גלײַך גענומען, ווי צו זײַן אייגענער באגרעבעניש גרייטן.

אָנגעהויבן האָט ער דערפון, וואָס באלד נאָך „שיווע“, נאָך אין מעשעך פון „שלושים“ [1] האָט ער איינמאָל אָפּגערופן גיטעלען אין א זײַט און איר פלוצלום א זאָג געטאָן:

— גיטעלע, אונדזער וועלט איז שוין באלד אויס, צײַט א טראכט צו טאָן פון יענער.

— וואָס? — האָט גיטעלע, אליין שוין פון דער טאָכטערס טויט גענוג געטראָפן, איצט, ווי עפּעס א נײַעם אומגליק דערפילנדיק, צו איר מאן נאָך דערקלערונג זיך געווענדט, — וואָס מיינט ער?

— ער מיינט, אז פון דער וועלט האָבן זיי שוין ווייניק צו האָפן און מ'דארף זען אָפּטאָן פון גוטס וואָס ס'לאָזט זיך, וואָס גיכער און קאָלזמאנג ס'איז נאָך ניט שפּעט.

— יאָ, אָבער וואָס וויל ער?

— ער וויל, פאר אלעמען, אלטערן כאסענע מאכן.

— כאסענע?.. איצט, און אין אזא צײַט?

— יאָ, גיטעלע, דאָס לעבן איז קורץ, די צײַט שטייט ניט, אונדזער לאגע הענגט

[1] שלושים—דרײַסיק: די ערשטע דרײַסיק טעג נאָך עמעצנס שטארבן רעכענען זיך פאר טרויער־טעג.

אפּ א האָר, און אַלטערס הענגט אָפּ אין אונדזוערער: אויב ניט מיר, איז ווער, און אויב ניט איצט, איז ווען דען?

— אָבער, וואָס איז אזוי דאָס אײַלעניש? — האָבן זיך גיטעלעס טרערן אין די אויגן געוויזן.

— ס'א מיצווע, און קיין כאסענע לייגט מען ניט אָפּ, אוביפראט אזא, ווי אַלטערס.

מעשונע, אָבער יאָ: ס'טרעפט אמאָל מיט א מענטשן, נאָך איינעם אָדער נאָך עטלעכע שווערע קלעפּ פון גורל, ווען ער בלײַבט אויסן, ס'קלעקט אים קיין מוט ניט אופצושטעלן דאָס, וואָס אים איז כאָרעוו געוואָרן; ער פארלאָזט אַלץ און פון אַלעם אײגנס און פריער־דערוואָרבענעם זעט ער זיך מאכן א קליין נאָר פּעקעלע צו זײַן מינדסטן געברויך אפן לעצטן, אַרעמען געבראָכענעם סאָף־וועג, וואָס שטייט אים פאָר, פון זײַן געוועזן גוטס און גערולע אָפּגייענדיק.

ווונדערלעך, ווי מוישע מאשבער האָט איצט נאָר פון זײַנע געשעפטן ניט געטראכט, גלײַך ווי אַלץ וואָלט אים דאָרט געווען אָיער אין פולער אָרדענונג, אָדער פארקערט — אַלץ שוין פארפאַלן; ווען אינדערעמעסן איז דאָ נישט געווען אוואדע נישט דער ערשטער פאַל, אָבער אויך נישט דער צווייטער, ווײַל יעדער אנדערער אפּ זײַן אָרט פרווט נאָך אזא לאַנגע עפּעס טאָג, פרוווט זיך נאָך א לעצטן וואָרפּ טאָן, א מאָל ווי א פיש אפּ דער טרוקן, א מאָל, ווי אן אָפּ אפּ העלפּט געקוילעט — מ'פרווט עמעצן אין שוטפעס ארײַנכאפּן, קעדיי צו באקומען פון יענעם מיט מעזומענעם קאפּיטאַל געשטיצט, וואָס דאָס דינט, ווי פרישע לופט צו די לונגען.

ניין, מוישע מאשבער האָט זײַנע געשעפטן פון קאָפּ ארויסגעלאָזט, און דער איקער זאָרג, וואָס איז אים נאָך דער טאָכטערס טויט אין קאָפּ שטעקן געבליבן, איז געווען אַלטער... ער האָט אים איינמאָל צופעליק, בישאס שיווע, אין עס־צימער ארײַנקומען דערזען, און אויך דערזען, ווי אַלטער האָט, ארײַנקומענדיק, צופעליק די אים פארשפּראָכענע גנעסיען בעטראָפּן און מיט איר זיך אפּ דער שוועל אָנגעשלאָגן, — ווי אזוי אַלטער האָט אפּ איר א קוק געטאָן, און ווי אזוי צוריק גנעסיע — אפּ אים; און נישט נעקוקט אפן אומגליק אין שטוב האָט דאָך בא ביידע — בא אַלטערן און גנעסיען — נאָכדעם, ווי זיי האָבן זיך צוערשט אַליין מיט די בליקן באגעגנט, נאָך גענוג מוט בעקלעקט, זיי זאָלן זיך אפּ א שטומען אופן, פארשטעלטערהייט אויך צו אים, צו מוישע מאשבער, מיט זייערע בליקן ווענדן, ווי דערמאָנענדיק אים, וואָס זיי קערן זיך אָן און וואָס זיי איז פארשפּראָכן געוואָרן זיך אָנצוקערן.

מוישע מאשבער האָט דאָס גלײַך אופגעכאפּט, און א סוואָרע, אז אין מעשעך נאָך פון שיווע איז בא אים וועגן דעם מיט לוזין, ווען יענער איז אים געקומען מענאַכעם־אָוועל זײַן, א געשפּרעך געגאנגען — אין דער שטיל, פון אַלעמענס אויערן פארשטעלט, און דערבײַ האָט עמעצער פון זיי א שטילן מורמל געטאָן, ציטירנדיק דעם געוויסן טעקסט פון „מעבירין את הכת לפני הכלה"[1] א. א. וו., וואָס דאָס האָט באדארפט באטײַטן, אז א טויט פון א נאָענטן, ווען ס'מאכט זיך, איז פאר

---

[1]) — מ'פירט פארבײַ דעם מעס פאר דער קאַלע.

קײן אָפּגעשטעלטער כאַסענע קײן אָפּהאַלט ניט, און אַז לויט דעם דין און לויט דער לאַגע דאַרף מען דאָס זען טאָן וואָס גיכער און נישט געקוקט אַפּ גאָר נישט.

און מוישע מאַשבער האָט דאָס גענומען דורכפירן אַמשנעלסטן, גלײַך עמעצער וואָלט אים איבערן קאַרק געשטאַנען און אים ווילד דערצו אונטערגעיאָגט.

ער האָט גענומען נאָכקוקן אַלטערן, און דערזען כאַסענע סימאָנעם — פּרישטשעס — אַפּ זײַן פּאָנעם און שטערן; ער האָט גענומען נאָכקוקן דער גנעסיען — און אַלײן פון איר קערפּער, וואָס האָט געשפּאַרט פון אירע קלײדער, האָט ער אַרויסגעזען, אַז זי איז שוין „צו לײַטן", און אַז ווען ניט ער, מוישע מאַשבער, וואָלט זי פאַר זײַן ברודער אַלטערן פאַר קײן שנור אין שטוב נישט אַרײַנגענומען, וואָלטן זיך געפונען אַנדערע פון איר, פון גנעסיעס גראָד, וועלכע וואָלטן זיך מיט איר ניט געברעקלט, ווי אַ מין קאַטערוכע, אָדער אַנדערע־ווער פון מעלאָכע־לײַט.

ער איז געווען גערעכט, מוישע מאַשבער, וואָס געהער דער גנעסיען. זי האָט ניט אײנמאָל, קומענדיק אין מאַרק צווישן קאַצאָווים, העקער און ענלעכע, נישט אײן צווינקענדיקן בליק אַרויסגערופן בא אַ יונגער, פרײלעכער קאָמפּאַניע, וועלכע האָבן, אַ קוק גיבנדיק אַפּ איר, אײנעם דעם אַנדערן אין די זײַטן זיך געשטורכעט, דערבײַ מיט די צונגען אונטערגעקנאַקט, וואָס דאָס האָט געהײסן אַפּ קאַצאָווענלאָשן: אָט ס'אַרא פלײש־כײלעק...

אַ סוואָרע, אַז אַפילע אַזאַ, ווי מאַזשעוווע, דער אונדז שוין באַוווסטער קאַצעווער־יונג, מײער בלאָס באַוווסטער העקער, דער באַוווסטער ווײַבערשער און מײדלשער שאַדן־ווינקל, האָט אויך נישט אײן מאָל, אַ קוק טוענדיק אַפּ איר, זיך שטיל די הענט געריבן און פון איר גאַלאַנטאָנישע סליונע געשלינגען.

יאָ, אַ סוואָרע, אַז זי איז טאַקע אַפּ זײַן גאַלאַנטאָנישן דיסקאָנט געווען, ער האָט פון איר געטראַכט, זי אײַנזינען האָבנדיק אַ מאָל צו פאַרטשעפּען, אַ מאָל מיט איר אין אַ מער נאָענטער באַקאַנטשאַפט אַרײַנצוטרעטן, מיטן מײן, זי אַפּ געוויסע פאַרפירערישע וועגן אַרופצופאַרנאַרן.

יאָ, אַ סוואָרע, אַז די לעצטע צײַט, געוויירע ווערנדיק פון אַ קאַטערוכען, אָדער פון אַן־אַנדערן ווע‏מען, אַז זי, אָט די גנעסיע, האָט פון אים גראָד אָוועקגעקוקט און זיך גאָר געלאָזט פאַרקנאַסן פאַר עפּעס אַ גויערישן קריפּל און קרענקלעכן שלימאַזל, האָט עס אים שטאַרק פאַרדראָסן, זעענדיק זיך אַרויסגעלאָזט אַ זאַך, וואָס צו זײַן אײגענעם פאַרגעניגטן געבראַך, אָדער, אַלקאָלפּאָנעם, צום געברויך און צו דער האַנאָע פון אַ זײַנגלײַכן,—אַ באַלמעלאָכע אָדער אַ העקער; — איז אָט, געוווירעווערנדיק דערפון, האָט ער אײנמאָל, דערזעענדיק זי אין מאַרק, איר נאָכגעשטאַטעוועט. ער האָט זי פון אויג נישט אַרויסגעלאָזט, און ווען זי איז אַרויס פון מאַרק, זיך אַהײם לאָזנדיק, אַזוי האָט זי אים פּלוצלים, אין אײנעם אַ געסל, לעבן אײנעם אַ טויבן טויער, פאַר זיך אויסגעוואַקסן דערזען.

זי האָט אים געוויס געקאָנט, מאַזשעוווען, ווײַל ווער פון דינסט־מײדלעך און פאַרקאַיאָוועס האָבן אַפּ מאַזשעוווען אַמאָל אַן אויג ניט געוואָרפן און, קוקנדיק אַפּ אים, די טרוקענע ליפּן ניט באַנעצט; נאָר דערזעענדיק אים איצט אויגן אַפּ אויגן לעבן זיך, האָט זי זיך שטאַרק דערשראָקן; דערצו נאָך האָט מאַזשעווע זי גלײַך אונטערן טויער אַרונטערגערופן, וואָס אָפּזאָגן זיך און זײַן רוף ניט פאָלגן איז ניט

בעווענ שײַנ... זי האָט זיכ דערפילט, ווי א פייגעלע פונ א שלאנג געפאנגענ. זי האָט געפרוּווט די אויגנ אראָפּלאָזנ אונ נישט געקאָנט, די הענט צומ פּאָנעמ אופהויבנ — אונ מוירע געהאט. אונ פונ זײַנ שרעקנדיקער נאָענטקײַט איז איר געקומענ די היצ העכער איבער קני, אינ די שענקלענ; אונ שטייענדיק אזוי א ווײַלע געקלעמט, אונ אויסוואַרטנדיק ביז ער וועט איר דאָס ערשטע וואָרט זאָגנ, האָט זי זיכ איינגאנצנ אינ זײַנ רעשוס איבערגעגעבנ געזענ: אנטלויפנ — אומעגלעכ, שרײַענ — אוואדע ניט. אונ דעריקער איז איר אי פּאָרכטיק, אי אײַנגענעמ געווענ די היצ פונ העכער אירע קני...

— דו דינסט? — האָט זי מאַזשעווע א פרעג געטאָנ.

— יאָ, — האָט גנעסיע געענטפערט. אונ ס'איז איר מיטאמאָל שרעקלעכ געוואָרנ, זיכ דערמאָנענדיק, ווו זי דינט, אונ מיט וועמענ זי איז איצט דאָרט פארבינדנ... אונ מיטאמאָל, נאָכ יענער שטוב אונ יענער פארבונדנקײַט, זיכ גאָר טרעפנ אינ א אונטערגעסל, אונטער א טויבנ טויער, מיט א מאנצבל, אונ נאָכ מיט אזא מאנצבל, מיט מאַזשעווענ...

— וואָס וויל ער פונ איר? — האָט זי דערשראָקנ א פרעג געטאָנ.

— ער וויל גאָר ניט. ער וויל נאָר וויסנ: ער האָט געהערט, אז זי האָט כאסענע פאר א גווירישנ יאָלד, וואָס זי מיינט פונ אימ גליקלעכ ווערנ, וויל ער איר זאָגנ, זי זאָל זיכ באטראַכטנ, ווײַל יענע קאָנענ דאָכ אפילע די מעלאָכע ניט...

— וואָסער מעלאָכע? — האָט גנעסיע ניט פארשטאנענ, קוקנדיק אפ מאַזשעווענ אינ פארלעגנהײַט אונ געפרעגט נאָר צוליב פרעגנ.

— אָט די... האָט ער געענטפערט, — אונ דערבײַ האָט ער איר א ווײַז געטאָנ א קאָמבינאציע פונ זײַנע בײדע הענטס אייניקע פינגער, פונ וועלכער גנעסיענ איז שוינ קיינ סאכ ניט אָפּגעגאנ, אז זי זאָל זיכ דערפונ אליינ אָנשטויסנ, וואָס מ'מיינט; ביפראט, אז מאַשעווע האָט זיכ נאָכ צו איר א באָענטנ רוק געטאָנ אונ מיט זײַנ באָכערישנ קערפּער האָט ער איר א אָנשוילעכע אונ דערפילנדיקע דערקלערונג געגיבנ צו דער קאָמבינאציע...

— לאָז מיכ אָפּ! — האָט זיכ גנעסיע האלב גומוילִיק א דריי געטאָנ, וועלנדיק זיכ ארויסרײַסנ פונ זײַנ איבעריקער נאָענטקײַט, וואָס האָט זי געשטיקט אונ האָט איר געמאכט דעמ אָטעמ אויספעלנ, — לאָז מיכ אָפּ, כ'וועל שרײַענ גוואלד.

— פאר שרײַענ פּאטשט מענ בא אונדז איבער די פּיסקעס אינ איבער נאָכ ערגעצ, — האָט געזאָגט מאַזשעווע; אונ זעענדיק, אז אונטערנ טויער קאָנ מענ מער קיינ מאכזאָקעס ניט מאכנ, מאַכמעס ער האָט מוירע געהאט פאר פארבײַגייער, וואָס קאָנענ זיכ דאָרט טרעפנ, האָט ער זי גענומענ, ווי פונ אינטער זײַנע דעקפליגל צו באפרײַענ:

— גיי אונ באטראכט זיכ, — האָט ער איר א זאָג געטאָנ, — אונ זע זאָלסט קיינ כאראָטע ניט האָבנ.

אז גנעסיע איז דעמלט צוריק אהיימ געקומענ פונ מארק, האָט זי אויסגעזענ ווילד־דערשראָקנ־ערשטנס, אליינ נאָר פונ דער נאָרוואָסיקער באגעגעניש מיט מאַזשעווענ אונ פונ זײַנע וואָרנונג־ווערטער, וועלכע זי האָט פונ איבעראשונג האלב יאָ אונ האלב ניט געדענקט; דעריקער אָבער איז זי געווענ דערשראָקנ פונ

זײַנ שטײַפער באַכערישקײַט, וואָס זי האָט עס נאָכ אַלצ געפילט העכער די קני, אינ אירע שענקלענ, אונ וואָס דערפאר האָבנ זיכ איר איצט די פיס געזעצט, גלײַכ ווי בא א הינ, ווענ א האָנ טוט זי נאָענט ארומרינגלענ, איר דעמ וועג פארלויפנדיק.

זי האָט, פונ מארק אַנקומענדיק, טאַקע גלײַכ אינ קיכ אפ א בענקל זיכ צוגעזעצט, אונ די עלטערע דינסט, וואָס האָט אזוי גוט איר יעדע מינע געקאָנט, האָט גלײַכ פונ איר פּאָנעמ אראָפּגעלייענט, אז עפּעס האָט מיט איר ניט געוווינלעכעס אָדער עפּעס ניט געהעריקס געטראָפנ.

— וואָסי? וואָס געשענ? וואָס ביסטו בלאס, מויד, אונ וואָס האָסטו זיכ צוגעזעצט?

— גאָר נישט, — האָט יענע ניט געהאלטנ פאר מעגלעכ אפילע פאר איר נאָענטסטער, פאר דער עלטערער דינסט, וואָס זי טיילט זיכ מיט איר מיט אלצ, מאזשעווס נאָמענ אונ וועגנ דער באגעגעניש מיט אימ צו דערמאָנענ.

— אָבער פאָרט? זאָג, דערציילֿ, פארייד ניט די ציינ... געוויס א באגעגעניש מיט עמעצנ — מיט א באָכער... הא, זאָג...

דאָ האָט גנעסיע די אויגנ אראָפּגעלאָזט, ניט קאָנענדיק לייקענענ אונ ניט וועלנדיק זיכ מוידע זײַנ, אונ די עלטערע האָט, אליינ פארשטייענדיק אונ ניט וועלנדיק ציִענ קיינ ווערטער מער בא גנעסיענ, זי געגומענ טרייסטנ, זי בארויִקנ אונ ווי פארזיכערנ, אז: נישקאָשע, זאָל זי נאָכ צוווארטנ אביסל, די באלעבאטים איז, ווי זי ווייסט, איצט ניט אינ זינענ, נאָכ אזא אומגליק, אָבער זייער ווארט איז א וואָרט, פארקנאסט איז זי, אונ אינגיכנ וועט מענ מיסטאמ נעמענ ריידנ פונ כאסענע.

— דו דארפסט... — האָט די עלטערע דינסט איבער גנעסיעס קאָפּ, מוטערלעכ געטרײַ אונ ווי מיטלײַדנדיק אראָפּגעלייענט, — אוואדע דארפסטו... ס׳שפארט פונ דיר... די רייפנ האלטנ שוינ נישט די פאס... די קליידער — דאָס מויד־לײַב, אָבער ווארט צו, באלד וועסטו שוינ געהאָלפנ ווערנ מיסטאָמע.

---

אָט דאָס באגעגעניש גנעסיעס מיט מאזשעווענ אונ די טרייסט־רייד פונ דער עלטערער דינסט, געווענדט אפ צו שטילנ אונ צו פארלײַכטערנ גנעסיעס געמיט אונ געבליטנ, איז פּאָרגעקומענ פונקט דעמלט, ווענ מוישע מאשבער, באמערקנדיק אפ אלטערנ אונ גנעסיענ דאָס, וואָס אויבנ געזאָגט, האָט, פונ זײַנ זײַט, וועגנ דעמ מיט גיטעלענ דעמ געוויסנ געשפרעכ געהאט.

גיטעלע האָט פריִער, מאכמעס גרויס צאער פונ דער ערשט־פארשטאָרבענער טאָכטער, ניט געוואָלט הערנ; אָבער נאָכ דעמ, ווענ איר מאנ, וועלכנ זי איז גע־ווינט אינ אלעמענ צו פאָלגנ, האָט איר א רעד געטאָנ וועגנ אוילאָמעס, וועגנ הויכע דראָכעמ אונ נישט־אָפּצולייגנדיקע מיצוועס, האָט זי נאָכגעלאָזט, נאָכגעגעבנ, אונ די זאכ, וואָס איז איר ערשט אָ פרעכד געווענ אונ אומגלויבלעכ אפילע אפנ געדאנק צו נעמענ—גלײַכ נאָכ שיווע, אינמיטנ שלוישעמ גאָר רעדנ וועגנ כאסענע — איז איצט, וועלנדיק גיינ האנט בא האנט מיט איר מאנ, בא איר רעכט געוואָרנ; אונ מיט דעמ זעלבנ איבפּעס, מיט וועלכנ איר מאנ, כוישע, האָט, פארגעסנדיק אינ אלצ, צו יענער זאכ זיכ א לאָז געטאָנ, דעמ זעלבנ אימפּעט האָט איצט אויכ זי, גיטעלע, צושטייענדיק אונ מאסקעמ זײַענדיק מיט דער זאכ, ארויסגעוויזנ.

— מ'דארף זען, — האָט מוישע מאשבער, נאָך זײַנע ערשטנ געשפּרעכ מיט גי־טעלענ וועגנ דעמ איניענ, א זאָג געטאָנ, — מ'דארף זען, זי מעקארעוו זײַנ, זי זאָל זיכ אָנהויבנ פילנ ווי אנ־אייגענע.

ס'האָט טאקע ניט לאנג געדויערט, אונ נאָכדעמ, ווי גיטעלע האָט די זאכ נעענטער צומ הארצנ צוגעלאָזט, האָט זי צוזאמענ מיט מוישענ, אינ איינעמ א טאָג דעמלט, גנעסיענ אינ אלקער ארײַנגערופנ; אונ נאָכ לאנגנ געוווינלעכ הינ־אונ־הער, אונ נאָכ שווערלעכנ אויסגעפונענ די נויטיקע ווערטער, וואָס מ'געברויכט צו אזא, ווערלכער שטייט נידריקער מיט מאדרייגעס אונ וואָס, איבער געוויסע אומשטענדנ, מוז מענ אימ אינ דער מישפּאָכע ארײַנעמענ אונ אימ זיכ מאכנ פילנ פאר אנ־היימישנ — האָט זי צוזאמענ מיט מוישע מאשבער צו גנעסיענ זיכ געווענדט אונ א זאָג געטאָנ:

— ס'איז, ווי דו ווייסט, ביז אהער אינ זינענ ניט געלעגנ... אָבער איצט גרייט זיכ צו, זאָלסט אונדז גיינ אינ דערעכ־האיאָשער, וועסטו אונדז גערעכנט ווערנ פאר אנ־איינגנ קינד, גיי, גנעסיע, איינגיכנ רעכענענ מיר פראווענ כאסענע.

גנעסיע איז ארויס פונ אָט דעמ געשפּרעכ מיט גיטעלענ אונ מוישע מאשבער אינ יענעמ אלקער מיט א פולנ פּאָנעמ רויטס אונ א פולנ בוזימ מיט בושע. זי האָט זיכ פארנ קאָפּטל געהאלטנ, גלײַכ זי וואָלט מוירע געהאט ס'זאָל זיכ איר פונ דאָרט עפּעס ניט אויסשיטנ, אונ ארײַנקומענדיק אינ קיכ צו דער עלטערער דינסט, האָט זי צו איר א פאל געטאָנ אונ מיט געוויינ־געשריי ארויס:

— הארצעניו! קרוינעניו!...

— וואָסי? וואָס איז דיר? ווער האָט דיכ געטשעפּעט? ווער אָנגערירט?

דעמלט האָט איר גנעסיע דערציילט, וואָס מוישע מאשבער אונ גיטעלע האָבנ מיט איר נאָר וואָס אינ אלקער גערעדט, דערבײַ האָט זי געוויינט אונ שטארק געכליפּעט אונ ווי נאָכ אמאָל די מײַסע מיטנ שידעכ איבערגעלעבט.

זי האָט געוויינט דעמלט, ווענ זי האָט זיכ צומ ערשטנ מאָל באדארפט באַ־שליסנ, אונ איצט — דאָס צווייטע מאָל, ווײַל באלד איז איר שוינ, ווי אינ אלקער אָפּגעשמועסט, די כאסענע פאָרגעשטאנענ אונ זי האָט נאָכ אלצ ניט געוווּסט, ווער אלטער איז, אונ ווי אזוי זי וועט זיכ מיט אימ פארבינדנ, אונ ווי אזוי מיט אזא סאָרט ווילד־פרעמדנ איר פארשוינ איר וועלט אויסלעבנ.

ס'איז איר פריקרע געווענ צו ערשט, ווענ די עלטערע דינסט, ווי מיר גערעדנ־קענ, האָט זי צומ שידעכ גענומענ צוריידנ. זי האָט זיכ געלאָזט, ווײַל דער איניענ מיטנ אָנקומענ פ״ר אנ־איינגענער—א שנור — אינ אזא שטוב, א שמאלצ־גרוב, האָט זי געפּלעט. אָבער דאָס הארצ האָט איר, ווי דעמלט, אזוי אויכ איצט, געשראָקנ, ווייסנדיק ווער אלטער איז פריִער געווענ, אונ אויכ אפילע די לעצטע צײַט, ווענ ער איז שוינ, קלאָמפּערשט, געזונט געוואָרנ.

— הארצעניו! קרוינעניו!...—האָט זי איצט פאר דער עלטערער דינסט געכליפּעט,— כ'האָב מוירע... כ'ווייס ניט אפ וואָס פאר א וועלט איכ בינ. כ'ווייס ניט, וואוהינ איכ גיי אונ וואָס איכ טו.

די זאכ איז שוינ אָבער געווענ פארפאלנ. ווי די עלטערע דינסט האָט ניט גע־טאָטשעט א ווערעמל, זיכ ארומקוקנדיק, אז זי האָט עפּשער טאקע מעגלעכ א

נאַרישקײַט געטאָן, גנעסיען צום שידעכ צוצורעדן, איז שוין אָבער דער שידעכ געווען שידעכ און צוריק כאַפּן שוין שפּעט. זי האָט דערום, ווי אַן־עלטערע, און אויכ ווי אַזאַ, וואָס איז אַ ביסל אינעם גאַנצן איניען שולדיק, זיכ האַרץ געמאַכט, אַלײן ניט איבעריק זיכער זײַענדיק, נאָר פילנדיק, אַז דאָס פאַרדרײטע איז שוין נישט אָפּצודרײען.

— מאַכ זיכ ניט נאַריש — האָט זי קלאָמפּערשט אָפּ גנעסיען בענומען אָנשרײַען, — וואָס פאַר אַ װײנען מיצקעמדרינגען? זע, גלײַכ מ'וויל זי קוילען! מ'וויל דיכ כאַסענע מאַכן! איז וואָס, ווילסט ניט?

— נײן, יאָ, — האָט יענע װײנענדיק געענטפערט, — אָבער כ'האָב מוירע.

— מוירע? נו, איז לײען קרישמע, צערײַס דעם סטאָן... וואָס האָסטו מוירע, אַז אַ פרינצ זאָל דיכ ניט אויסכאַפּן, אָדער די יאַסקע־הינט זאָלן דיר דאָס זײַדן קלײד ניט צערײַסן?

דאָס איז זי אָפּ גנעסיען אַזוי שטרענג און אָנכאַפּעריש אָנגעפאַלן — ערשטנס, קעדײ יענער, גנעסיען, די געדאַנקען צו פאַרשלאָגן, און צווײטנס, קעדײ אַ ביסל צו פאַרשרײַען אויכ איר אײגענעם געוויסן, וועלכער האָט זי ניט געלאָזט צו רו, און צוזעענדיק גנעסיעס געווײן, האָט עס זי געמאַכט וואַקלען און אָפּ איבער־טראַכטערישע מאַכשאָוועס אַרופגעפירט.

פּאַמעלעכ, פּאַמעלעכ האָט זיכ אָבער גנעסיע אויכ איצט באַרויִקט. זי האָט נאָכן געשפּרעכ מיט מוישע מאַשבער און מיט גיטעלען אין אַלקער, זיכ געלאָזט אַרײַנ־רופן אויכ פון אידעסן, פון מוישע מאַשבערס עלטערער טאָכטער, און פון איר, ווי שוין אַ שטיק אײגענע אויפגענומענע ווערן, זיכ לאָנדיק אײַצען פון יענער, ווי אַזוי זי זאָל זיכ נעמען גרײטן צום שנײַדער, וואָס וועט זיכ די טעג באַווײַזן, איר אַ מאָס אָפּ כאַסענע־קלײדער צו נעמען.

זי האָט זיכ געלאָזט, גנעסיע. דערבײַ האָט זי זיכ נאָר שטאַרק גערויטעלט, צוהאַלטנדיק זיכ פאַרן קאָפּטל, מאַכמעס זי האָט זיכ ניט איבעריק פרײַ געפילט מיט אידעסן, און מאַכמעס יענערס, אידעסעס, אײַצעס און ווערטער זײַנען — ווי יענע האָט ניט געוואָלט זײ זאָלן געזאָגט און אַרויסגערעדט ווערן, ווי פון אַ גלײַכן צו אַ גלײַכן — דאָכ אָבער זײַנען זײ, ווי פון אויבן אַראָפּ אַראָפּגעזאָגט געוואָרן, ווי ביכלאַל מ'זאָגט צו אַזאַ, ווי צו אַ גנעסיען, פאַר וועלכער דאָס לאָשן איז נאָכ צו איבעריקער קדווועשאַפט נישט געוווינט און דער צונג לײגט זיכ נאָכ ניט צו נאָענטקײַט און אופריכטיקײַט.

עמעס, אידעס האָט זיכ געמיט. זי האָט אַלע אירע ווײַבערשע קויכעס און פּעאיקײַטן אָנגעשטרענגט טאַטע־מאַמע צו צוליב טאָן, ווי אויכ צו טאָן, וואָס זי האָט אַלײן געהאַלטן פאַר נויטיק, — פאַרשטײענדיק, אַז פון אַלטערס וועגן, פאַר אַזאַ פאַרשוין אין אַזאַ לאַגע, מוז מען זען פון אײגענעם ייִכעס און געווינשאַפטן אַראָפּ־לאָזן, ביז אַפילע זיכ שטעלן אָפּ אײן ברעט מיט אַ גנעסיען — זי מעקאַרעוו זײַן און איר געבן אַ מער ברײטערן אַרײַנגאַנג אין דער מישפּאָכע און אין איר העכער־שטאַנדיקײַט.

זי האָט זיכ געמיט, אידעס, ווי אַלע אַנדערע אין שטוב: ווי אַפילע די אײדעמס, וועלכע האָבן די לעצטע טעג, פונעם שידעכ און פון דער פאַרשטײענדיקער כאַ־

סענע זיך דערוויסנדיק, גענומענ קוקנ אפ גנעסיענ פיל מילדער, פיל מער קרוויוי־
שער, נישט ארויסווייזנדיק דעמ גרויסנ אונטערשייד, וואָס האָט זיי געהאלטנ ביז
אהער אזוי וויַיט אָפּגעטײלט פונ איר, ווי, געוויינלעך, פונ א דינסט.

יאָ, אלע. מ׳האָט שוינ פארשטענדלעך, דעמלט נישט געקוקט אויך אפנ איינג־
שאפט אינ די געשעפטנ אונ, אפ ווינקל נאָר די קאסע האָט דערלויבט, האָט מענ
ניט געציילט, ניט געקארגט, זיך געלאָזט קאָסטנ, אונ אינ די נאָענטע טעג, נאָכנ
געשפרעך פונ מוישע מאשבער מיט גיטעלען, אונ פונ זיי ביידע מיט גנעסיענ, האָט
מענ געלאָזט רופנ אי מענערשע, אי וויַיבערשע שנײַדער; אונ נאָך דעמ, ווי מ׳האָט
זיי באוויזנ די איַינגעהאנדלטע סכוירעס צומ באטראכטנ, אונ נאָך דעמ, ווי מ׳האָט
מיט זיי אָפּגערעדט, אז די באשטעלונגענ דארפנ דאָ אויסגעפארטיקט ווערנ וואָס
שנעלער, איז מענ צוגעטרעטנ כאָסנ־קאלע די מאָסנ אראָפּצונעמענ.

די מאָסנ זײַנענ אראָפּגענומענ געוואָרנ אינ פארשידענע צוויי אלקערס—אינ איינ
אלקער דער קאלע, גניעסיענ, אונ אינ צווייטנ—אלטערנ.

צו גנעסיענ איז גערופנ געוואָרנ יישיע כאָסיד. א ייִד א שטארק־פרומער, מיט
א זויבער־פײַנער באָרד, שטענדיק אינעמ שאבעסדיקנ הײטל אונ קאפּאָטע. ער נעמט
קיינמאָל אליינ קיינ מאָס ניט א־אָפּ, מאכמעס מוירע ניט נאָר זיך אָנצורירנ אינ וויַי־
בער, נאָר אויך אפילע אפ זיי א קוק טאָנ, ווענ זיי מוזנ זיך פאר אימ וויַיזנ עטוואָס
אָפּגענאקעט, אונ צוליב אָ דעמ צוועק, צוליב א מאָס נעמענ, קומט ער קיינמאָל ניט
אליינ, נאָר מיט א עלטערנ שנײַדער־יונג, א פאכמאנ אינ יענער זאך, אונ יענער
מעסט, אונ יישיע כאפט נאָר, ווענ ניט ווענ, אונטנ ארומ א קוק אפ זײַנ יונגס מע־
לאָכע, שמועסנדיק בישאס־מײַסע אָנשטענדיק מיט די באלעבאטעס, די באשטעלער,
אונ אויך פארשרײַבנדיק אינ זײַנ שנײַדער־ביכעלע אפ צו פארגעדענקענ די לענג,
ברייט א. א. וו. פונ די מאלבושימ.

אויך דאָס מאָל איז יישיע געקומענ נישט אליינ, נאָר מיט א יונג; אונ יענער
האָט, צוטרעטנדיק א מאָס נעמענ דער גנעסיענ, אונ וויסנדיק, וואָס דאָ אינ שטוב
קומט פאָר, אונ וואָס דאָס איז פאר א סאָרט קאלע, האָט ער זיך דערלויבט א ביסל
פרײַער זיך צו האלטנ, ווי מ׳האלט זיך געוויינלעך מיט א באלעבאטישער אָדער
גווירישער טאָכטער, ווענ אנ איבעריקנ דיר איז פארבאָטנ, וויַיל יעדער שטיקל
לײַב איז דאָרט ניט צומ אָנצורירנ. ניינ, דאָ האָט זיך דער יונג דערלויבט אי באמ
אופהויבנ איר די הענט, ווענ ער האָט באדארפט מעסטנ פונ אונטער די פאכוועס,
אי באמ הויכנ בוזימ, ווענ ער האָט איר געמאָסטנ דעמ פינפאָרנס, אונ אזוי וויַי־
טער, אויך אנדערע ערטער, ווי די קלובעס אונ דעמ רוקנ, ווענ ער האָט זיך דער־
לויבט א ביסל מיט די הענט לענגער זיך פאַרהאלטנ אונ א כער נעענטערנ גלעט
טאָנ—קלאָמפערשט צו דער מאָס נויטיק, אָבער אינ דערעמעסנ, אינ זינענ האָבנדיק,
אז ווענ ער וועט אהיימ קומענ זאָל ער האָבנ וואָס צו דערציילנ, אונ פאר די איי־
בעריקע יונגענ מיט זײַנ שנײַדער־יונגערשער האנאָע זיך באריכענ.

גנעסיע האָט די גאנצע צײַט, בייס דער מאָס־נעמענ, וואָס איז פאָרגעקומענ אינ
דער אָנוועזנהײַט פונ גיטעלענ אונ אויך פונ איר אייגענער—פונ דער עלטערער
דינסט—זיך געפילט שלעכט, געיינגט אונ דערוואָרגנ. טרערנ זײַנענ איר געשטאנענ
אינ די אויגנ. זי האָט אלעמאָל, ווענ יישיעס שנײַדער־יונג האָט זיך דערלויבט א

ריר אָנ צו טאָנ אינ איר, זיכ געכאפּט פארנ קאָפּטל אופציטערנדיק, וועלנדיק מיינענ, אז דאָס וויל איר מאזשעווע עפּעס טאָנ אומאָנשטענדיקס... די אויגנ זײַנענ איר געווענ פארצויגנ, נישט זעענדיק קיינעמ, נישט די שנײַדערס, נישט גיטעלענ, אונ אפילע אויכ ניט די עלטערע דינסט, וואָס איז איר געווענ אמנאָענטסטנ, נאָר ווי דורכ א דינ שלייערל האָט זי, זײַענדיק אנטבלויזט אונ שרעקנדיק זיכ פאר איר ביסל נאקעטקײַט, געזענ פאר זיכ אימ, מאזשעווענ, וועלכער וויל איר אונטערנ טויבנ טויער עפּעס אָפּטאָנ...

גיטעלע האָט די גאנצע צײַט, בייס דער שנײַדער־יונג האָט זיכ מיט גנעסיענ געפּאָרעט, נישט געקוקט אפ איר, ווי אפ א צו געזונטער אונ פוללײַביקער, וואָס שפּארט פונ איר דורכ אלע ניי־נאָטנ, אונ וואָס אפילע פאר א פרוי איז דעראָפּ אומאָנשטענדיק צו קוקנ, אונ אוועקקוקנדיק פונ דאָרט, האָט זי נאָר געהאלטנ אינ איינ ארומשפּרעכנ מיט יישיענ דעמ הויפּט־שנײַדער די פארשידענע מאָדעס אונ ניי־פאַדערונגענ, וועלכע זי האָט צו אימ ארויסגעשטעלט. יענער, יישיע, האָט פארשפּראָכנ, אונ בישאס מײַסע האָט ער, נישט קוקנדיק אפ קיינעמ פונ די ווײַבער, פארשריבנ דאָס, וואָס זײַנ באלמעלאָכע־יונג האָט מעסטנדיק, אימ דיקטירט פאר זײַנ שנײַדער־ביכעלע אפ צו פארצייכענענ.

אונ אזוי איז דעמלט אינ קאלע־אלקער פאר גנעסיענ די מעסט־מעלאָכע אָפּגעטאָנ געוואָרנ, אונ אזוי אויכ אינעמ צווייטנ אלקער, אינ זעלבנ טאָג, דורכ אנ אנדער שנײַדער—פאר אלטערנ.

אהינ איז גערופנ געוואָרנ גערשנ דער ליטוואק. א קליינ, בינימעס שנײַדערל, שוינ אפ דער עלטער, א ביסל צוגעשלאָגנ, האלב־טאמעוואטע, מיט רויטע, קאליע אייגעלעכ, מיט א דינ פישטשענדיק קעלעכל, וואָס האָט אלעמאָל ארויסגערעדט א סינ אָנשטאָט א שינ.

מ'האָט אימ ניט אײַנגעלאדנ צו קיינ פאָרנעמע אונ רײַכע, נאָר געהאלטנ האָט ער, אז ער, גערשנ, קאָנ ניט ערגער פונ אלע אנדערע, וואָס נייענ אפילע פאר יענע, פאר די רײַכע, ווײַל ער נייט, ווי אלע בעסטע, נאָר סטאָגליצ. וואָס איז דאָס אזוינס „סטאָגליצ"—האָט ניט געוווסט קיינער, אויכ ניט ער אליינ, נאָר געמיינט האָט דאָ גערשנ, דאָס צוגעשלאָגענע אונ אלט־בינימעסע ליטווישע שנײַדערל, געוויס: ערשטער סאָרט אונ לעצט־וואָרטיקע №־טער מאָדע.

ער האָט טאקע געמאכט, ווי געקאָנט: „סטאַגלעצ", נאָר אָפּט פלעג בא אימ דער קאַלנער אפנ קארק צופיל אָפּשטיינ, אונ אמאָל אויכ צופיל ארופקריכנ; א מאָל דער סטאָנ פונ א קאפּאָטע, צי פונ א בורנעס, א ביסל קורצער פונ דער הינטער־טייל, אונ א מאָל פארקערט—דער הינטער־טייל קורצער אונ דער סטאָנ לענגער. אָבער ס'מאכט ניט: אהער, צו אלטערנ, איז אויכ גערשנ געווענ נישקאָשע. מ'האָט באדארפט מאכנ אי ביליקער, אי שנעלער, אונ נישט אָנהויבנ זיכ מיט די מער־באוווסטע שנײַדער, וואָס זײַנענ אי יאקראָנעמ, אי זיי האלטנ קיינ וואָרט ניט, האלטנ לענגער.

בא אלטערס מאָס־נעמענ איז בײַגעווענ אליינ נאָר טוישע מאשבער, וועלכער האָט האלב אופמערקזאמ, האלב צעשטרייט צוגעקוקט, ווי גערשנ דרייט אלטערנ אינ אלע זײַטנ, מעסט, בויגט זיכ אראָפּ, הויבט זיכ אופ, אונ דאָס עלטערלעכע ביסל בלוט קומט אימ אינ פּאָנעמ אונ אינ די קאליע אויגנ; פארשרײַבט אינ שנײַדער־

ביכעלע מיט דער דראקענדיקער און קאָטשערעוואטער שנײַדער־קסיווע וואָס ער האלט פאר נויטיק, און וואָס, אהיימקומענדיק, וועט ער געווים פארגעסן און זיך שוין באגיין אָנעם פארשריבענעם.

מוישע מאשבער האָט, קוקנדיק אפ געדשנס מעלאָכע, אי האלב ערנסט מיט אים גערעדט, אי האלב אפילע אונטערגעשמייכלט; אָבער דעריקער האָט ער בא אים, נאָכן ענדיקן אלע שנײַדערשע פראָצעדורן, געפאָדערט, ער זאָל זען מאכן וואָס בעסער און נאָך מער דעריקער—וואָס גיכער, וואָס דעראָפ האָט אים גערשן מיט זײַן פארציאָפעטן ליטווישן לאָשן און מיט דער סין אָנשטאָט דער שין אָפּגעענטפערט:

— יע, געווים. מ'פארספאָרט אים זאָגן. מ'פארסטייט אליין: סטאָגליץ און וואָס סנעלער.

און די ארבעט איז אוועק. ביידע שנײַדער האָבן זיך אונטערגעמידט און באלדגלײַך די נאָענטע טעג האָט מען שוין געבראכט די קליידער אפ דער ערשטער מאָס אי דעם כאָסן, אי דער קאלע, וואָס ביידע זײַנען דערפון, יעדערער אין זײַן אלקער, ווי אין טשאד געווען, מ'האָט דאָס געזען מאכן אפ גיך, און בא דער ערשטער מאָס האָט מען די שנײַדער ווידער אונטערגעאײַלט—סײַ גיטעלע יישיע כאָסיד, סײַ מוישע מאשבער דעם ליטווישן גערשנ—ויי זאָלן וואָס גיכער זען די ארבעט ארויספארענדיקן.

מ'האָט נאָך געטאָן—און אויסער די שנײַדער האָט מען באלד גענומען אויך אנדערע זאכן צו באזאָרגן, ווי אלטערן א טאלעס, לעמאָשל, צוליב וועלכן מ'האָט גערופן איינעם א ייִדן, אָשער טאלייסניק, וועלכער האָט אָנגעבראכט אין שטוב א שארפן, הארב־טערפיקן רייעך פון עסיק און פון א מין צוגעלעגערטן קעז, וואָס ס'האָט ארויסגעשמעקט אי פון אים אליין, אי פון זײַן ווײַס־פרישן, נאָר וואָס פון דער זאָלע ארויסגעקומענעם טאלייסעם־פּאַק.

מ'האָט אויך, ווען די טעג פון דער כאסענע האָבן זיך דערנעענט, און ווען אלץ איז שוין פארטיק געווען פון וועש, פון קליידער און אנדערע זאכן, — האָט מען אויך צו דער קאלע, צו גנעסיען, וואָס זי האָט געקאָנט קנאפ איוורע און האָט מיט גרויס שווערקײַט געלייענט אין סידער—צוגעשטעלט צו איר עסטער־ראָכלען, יענע פרומע קרויווע, וועלכע מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, זי זאָל מיט איר די געוויסע ווײַבערישע דינעם אדורכגיין, וואָס יעדע ייִדישע טאָכטער דארף אומבאדינגט נויטיק ויסן, ווען זי גייט צו כאסענע.

יענע, עסטער־ראָכל, האָט מיט איר צוערשט אײַנגעשטודירט די בראָכעס פון ליכט־בענטשן און כאלע־נעמען; דערנאָך האָט זי זיך מיט גנעסיען גאָר אין א אלקער אָפּגעשלאָסן, האָט גענומען דעם גראָבן, ווײַבערשן „קאָרבען־מינכע“, אופגעמישט די געוויסע אָפּטיילונג, וועלכע רופט זיך מיטן נאָמען „מ ע י ן ט ה ו ר“, —„דער ריינער קוואל“ הייסט עס, — און ווו ס'ווערן אויסגערעכנט די רעגעלען און געבאָטן, וועלכע די פרוי דארף אָפּהיטן, ווען זי איז ריין און איז, ווי דער שטייגער, מיטן מאן צוזאמען, און יענע, ווען אומריין און ווען זי דארף זײַן אָפּגעשיידט פונעם מאן... אלץ ארויסגערעדט אָפן, און באם נאָמען אָנגערופן אזוינע איינצלהײַטן, אז גנעסיע האָט זיך אזש אומגעקוקט אין אלע זײַטן, צי זעט ניט קיינער, צי הערט

ניט קיינער, און אויסהערנדיק וועגן אַלעם יענעם, האָט זי זיך געריוויטלט, זיך געדרייט און רוקן אַף איר בענקל ניט געקאָנט איַינזיצן.

דער קאָפּ איז איר אין טשאַד געווען, און פאַר די אויגן איז איר דעמלט ווידער געשטאַנען ער, מאַזשעווע, וואָס שרעקט זי און טוט זי מיט זיַין שטײַף־באָכערישן קערפּער צום טויבן טויער צושטופּן.

מ'האָט באַלד אין איינעם אָנ־אָפּדערנאַכט, אייניקע טעג פאַר דער כאַסענע, אויך טנאָים געשריבן, אין דער אָנוועזנהייט פון גאָר ווייניק מענטשן, אַמערסט אייגענע, אָן איבעריקן ראַש און איבעריקע געווינלעכע צערעמאָניעס.

און אָט איז די כאַסענע.

די קאַלע איז מיט אַ טאָג דערפריער איבערגעענטפערט געוואָרן צו עסטער־ראָכלען און דער עלטערער דינסט, וועלכע האָבן גענומען זי ייִדעשלעך באַארבעטן, זי אין באָד און אין מיקווע פירן, ווו זיי האָבן זי, ווי דער שטייגער, איבערגעגעבן צו די טוקערנס, און יענע האָבן גענומען איר די נעגל פון די הענט און פיס שנײַדן, זי טויוולען און שרײַען: „קאָשער! קאָשער!!“ פאַר אַ געווייסן געצאָלטס, אַף וועלכן זיי האָבן אויסגעשטעלט; אָבער, אַכוצן געצאָלטס, האָבן זיי, די טוקערנס, איר ווײַס־געשפּיקעוועט לײַב באַוווּנדערט, און באַ איר אַרײַן און צוריק אַרויסגיין פון טוילע האָבן זיי זיך איינס דאָס אַנדערע ווײַבעריש־געניט אונטערגעוווּנקען, ס'הייסט: אַזאַ יאָר, אַזאַ מאַזל, און אַזאַ אויצער אַף אַלע מאַנען!...

גנעסיע האָט זיך געלאָזט טאָן, וואָס מ'טוט מיט אַ קאַלע, נישט אויסגענומען גאָר נישט. נאָר דערזעענדיק זיך נאַקעט, אויסגעוואַשן און דורכגעזויבערט, האָט זיך איר דער קאָפּ פאַרדרייט פון איר אייגענער לײַביקער געדולע, אַנטדעקנדיק אין זיך איצט אַזוינס, וואָס איז ווערט אַ פאַרשטעלט, אַ אופגעדעקט צו ווערן...

און דאָס זעלבע, וואָס פריער אַ טאָג האָבן געטאָן די ווײַבער מיט דער קאַלע, זי אין באָד און אין מיקווע פירנדיק, האָט שפּעטער אַ טאָג, אינעם טאָג פון דער כופּע, געטאָן מיטן כאָסן, מיט אַלטערן, אַליין מוישע מאַשבער, וועלכער האָט דאָס, ווי אַן עלטערער ברודער, פאַר זײַן כויוו געהאַלטן.

דעם טאָג פון דער כופּע האָבן, נאַטירלעך, ווי ס'פירט זיך, כאָסן־קאַלע געפאַסט. גנעסיע האָט זיך פון עסטער־ראָכלען און פון דער עלטערער דינסט געלאָזט אָנטאָן, פאַרפּוצן און צוקלײַבן. און אַלטער איז פון זײַן ברודער מוישען אין אַ באַזונדער אַלקער געבראַכט געוואָרן, ווו נאָכדעם, ווי אַלטער האָט דעם געווייסן „אַלכעט“ אָפּגעזאָגט און זיך אויסגעוויינט אַף זײַנע נישט געראָטנע לעבן פון ביז אַהער, און נאָכדעם, ווי ער האָט, ווי ס'פירט זיך, די פאַרשטאָרבענע פאָטער און מוטער דורך געוויסע טפילעס אַף זײַן אייגענער כאַסענע אײַנגעלאַדן, איז נאָך דעם אַלעם האָט מוישע מיט אים נאָך מער אָפּגעזונדערט באַדאַרפט בלײַבן, קעדיי אים איבערצוגיבן האַלב פאַרשטעלט און אין קורצע דיבורים דאָס, וואָס עסטער־ראָכל האָט מיט גנעסיען פון „קאָרבן־מינכע“ אַרויסגעלייענט. דאָס מיינט מען, יענע קערפּער־קרוישע באַציִונגען פון מאַן־און־ווײַב און די רעגעלען, ווי אַזוי זיך אופצופירן באַם צוזאַמענלעבן און אויך ווען זיך אָפּצושיידן.

דערבײַ איז אַלטער שטאַרק בלאַס געווען און נישט געהערט קימאַט וואָס מ'זאָגט אים. ביז מ'האָט אים גענומען די כאַסענע־קליידער אָנטאָן, און פונויבן, אַף זיי,

דעם נײַעם װײַסן קיטל מיטן ברײטן העמד־אױסזען און מיט די ברײטע אַרבל, װאָס פֿון דעם האָט ער נאָך מער בלאַסער אױסגעזען, שױן אַ האַלבער מעס קימאַט.

ער האָט דערמאָנט אַ פֿאַל געטאָן פֿריער צו מױשען זײַן ברודער, דערנאָך אױך צו לוזין, װעלכער איז אױך באַם כאָסן־טיש בײַגעװען — אָן װערטער, נאָר מיטן שטיל־בלאַסן פּנים, און מער האָט ער נישט געהאַט נישט דעם ערשטן, מױשען, צו זאָגן, װי אױך נישט דעם צװײטן, לוזין, װי נאָר די װערטער: לוי... מױשע... ברודער... און װער ס'װאָלט דערמאָנט אָט די קורצע, שטומע סצענע צוגעזען, װאָלט גלײַך געקאָנט מערקן, אַז קײן איבעריקן נאַכעס איז פֿאַרן כאָסן אַלײן פֿון דער כאַסענע ניט צו װאַרטן, װי אױך ניט פֿאַר אַלע די, װאָס רינגלען אים איצט אַרום, און װילן אים כאָטש פֿאַר אַ װאָסער ניט איז שטיקל מענטש צו זען.

דאָס זעלבע, אַנערעך, איז פֿאָרגעקומען אױך אינעם צװײטן אַלקער, בײַסן קאַלע־פּוץ, װען באַ עסטער־ראָכלען און באַ דער עלטערער דינסט, װעלכע האָבן זיך מיט דער קאַלע געפּאָרעט, זײַנען די גאַנצע צײַט געשטאַנען די טרערן אין די אױגן, און די קאַלע אַלײן, גנעסיע, איז אַז זי האָט זיך אײַנגאַנצן אַ פּאַרטיק־אױסגעפּוצטע דערזען, האָט זי מיט אַ מאָל צו דער עלטערער דינסטס ברוסט אַ פֿאַל געטאָן מיט אַ אױסגעשרײַ: „מאַמעניו! האַרצעניו!" װאָס דאָס האָט באַדאַרפֿט באַטײַטן אַן אױס־דריק פֿון צאַער, פֿון פֿאַרלוירנקײַט, און פֿון ניט װיסן פֿונעם מאָרגעדיקן טאָג.

די כאַסענע איז געפּראַװעט געװאָרן, װי אַלע שטוביקע כאַסענעס, װען איבער געװיסן אינטערעס קאָן מען ניט, אָדער מ'װיל ניט, זײַ אין דער עפֿנטלעכקײַט און אין אַ ספּעציעלער כאַסענע־זאַל אַרױספֿירן, קעדײַ קײן איבעריקן־קאַראַש ניט מאַכן.

מ'האָט אײַנגעלאַדן אַ שפּאָר ביסל מענטשן, אי דאָס אױך ניט פֿון קײן נאָענטע, ניט פֿון קײן מאַרק־מענטשן, אױך נישט פֿונעם קלױז, װוּ מױשע מאַשבער האָט געדאַװנט, נאָר אײנעם אַ קלײנעם מיניען, אָדער עטװאָס מער, און זע, מאָדנע־אַזױנע, װאָס האָבן צו מױשע מאַשבער און צו זײַן שטוב גאָר קײנמאָל קײן שום שײַכעס נישט געהאַט, און דערהײַנט — גאָר פֿון לוזיס לײַט אַ מיניען.

גיטעלע און די שטוב־לײַט האָבן זיך געהאַלטן אי װי מעכוטאָנים, אי װי אַחרײַ־לעם; באַזונדערס גיטעלע און אידעס, װאָס אײדער זײ האָבן זיך באַדאַרפֿט אָנטאָן צו דער כאַסענע, האָבן זײ באַדאַרפֿט אױסטאָן די שװאַרצע פֿאַרטעכער, און װי נאָר די כאַסענע װעט זיך ענדיקן, װעלן זײ דאָך װידער זײ דאַרפֿן אָנטאָן.

ס'איז דאָך געװען ערשט נאָך „שלױשים", פֿאַרשטענדלעך, אַז קײן איבעריקע פֿרײד איז ניט געװען צו זען אַף קײנעם פֿון די שטוב־לײַט, װי אױך נישט אַף מױשע מאַשבער אַלײן, װאָס ער האָט אַלץ, װי אין אַ כאָלעם, געאײַלט, סײַ פֿריער מיטן כאַסענע מאַכן, סײַ איצט מיט דער כופּע, װען ער האָט דעם אײַנגעלאַדענעם באַדכן זיך ניט געלאָזט צעגײן נישט באַם באַזעצן דעם כאָסן, װי אױך באַם קאַלע־באַזעצן; און אױך די קלעזמער, דאָס קלײנע, אָרעמע ביסל, װאָס איז אײַנגעלאַדן געװאָרן, האָט ער קײן מינדסט איבעריקס ניט געלאָזט שפּילן, נאָר סאַמע דאָס נױ־טיקסטע, און גלײַך האָט ער דעם שאַמעס מיט די שטאַנגען אָפּגעפּאָדערט, ער זאָל מיט זײ אַרױס, װי אױך דעם כאַזן, ער זאָל װאָס גיכער מעסאַדער־קידושן זײַן.

מ'האָט אַזױ געטאָן. דערנאָך איז די װעטשערע פֿאָרגעקומען, באַ װעלכער ס'איז

בײַגעווען מעשולעס דער שאדכן, און וואָס אים, וועלכער האָט דעם שידעך אויסגעפירט, איז איצט ניט געווען אויסצומײַדן.

ער האָט זיך דאָס מאָל בא מוישע מאשבער אין שטוב געפילט גאָר־גאָר היימיש, מאכמעס די קאַלע האָט קײן עלטערן ניט געהאט, קײן אײגענע און קרויווים, אויסער די איר אמנאָענסטע דינסט, און ער האָט זיך דערום געהאלטן, ווי אזא, וואָס פארבײַט טאטע־מאמע.

ער האָט לעקאָוועד אָט דער היימישקײַט א איבעריק ביסל מאשקע ארײַנגעכאפט, פון וועלכן זײַן אזוי אויך רויט פּענעמל איז אים נאָך מער רויטער געוואָרן און דאָס ווײַסע בערדעלע האָט זיך אים נאָך מער ווײַס אויסגעטײלט. זײַן פוטערן מיצל האָט זיך אים שטארק צעשוויצט, און באם ווערן דאָס ארויפּנעמען און בלײַבן אין דער יארמעלקע, ווי ער טוט געווײנלעך, האָט ער דאָס מאָל מער, ווי געווײנלעך, געהאָרעוועט, זײ אײנס פון אנדערן אָפּצוטײלן, און דערפאר אָבער, ווען דאָס איז אים געראָטן און שוין געשען, האָט ער זיך אין א טאנץ ארויסגעלאָזט — שיקערלעך־נאריש, שאדכאָניש אומבאהאָלפן — אזוי, אז ווען אן־אנדערס מאָל, ווען אביסל מער אפן הארצן אופגעלײגט, וואָלט מען, זעענדיק אזא אײנעם טאנצן, געוויס זיך צעלאכט, צו אים צוגעגאנגען, אים אין א זײַט אָפּגעפירט און זיך אים געהײסן זעצן.

איצט האָט מען אים געלאָזט. ס׳האָט אָבער אויסגעזען היפש מעשונע מעשולעמס טאנץ, וועלכן ער האָט האלב פארשלאָפן און בײַם דער אנדערער האלב עפּעס ציגענ־באָקישע טנועס און האוויײַעס געמאכט; ווי מעשונע ס׳האָט אויסגעזען דער גאנצער ארום, און ווי, פאר אלעמען, אלײן די כאָסן־קאַלע, וועלכע מ׳האָט, גלײַך נאָך דער כופּע, באזעצט אײנס לעבן אײנס, און וואָס בײדע האָבן, עסנדיק, וואָס מ׳האָט זײ דערלאנגט נאָכן טאָנעס, זיך קײן וואָרט ניט געהאט צו זאָגן, זיך ווי אונטערגעוואָרגן און אין פארשידענע זײַטן געקוקט.

מעשונע האָט אויך אויסגעזען דאָס, וואָס גיטעלע האָט דאָס מאָל געלאָזט לעבן זיך באזעצן די עלטערע דינסט, וועלכע איז געווען דער קאַלע אמנאָענסטן; מעשונע אויך דאָס גאנצע שפּאָר־ביסל אוילאָם, וואָס איז באשטאנען פון א אָנדערהאלבן מיניאָנעם לוזי־לײַט, וועלכע מוישע מאשבער האָט דורך לוזין געלאָזט אײַנלאדן, ווײַל קײן נעענטערע, קײן מער היימישערע און שטענדיק אין מוישע מאשבערס סימכעס אָנטײלנעמענדיקע איז מען דאָס מאָל ניט גערן געווען, טאקע ווײַל היימישע, טאקע ווײַל באשטענדיקע, קעריי קײן אײגענע אויגן זאָלן דאָ, אפ דער מעשונענער כאַסענע, נישט קוקן מעשונע.

מעשונע האָט אויך אויסגעזען דאָס, וואָס די לוזי־לײַט האָבן, וועלנדיק כאָסן־קאַלע צו דערפרייען, זיך אין א טאנץ ארויסגעלאָזט — אין אזא, וואָס יענע ווענט פון יענער שטוב בא מוישע מאשבער זײַנען קײנמאָל אזוינס ניט בײַגעווען — אזא אײַנגעשלאָסנקײַט, אזא קאָפּ־פארײַסן אָדער צו דער ערד אים אראָפּלאָזן, ווי וועלנדיק הימל־און־ערד מיט די בליקן פארײניקן.

מעשונע אויך, וואָס נאָכדעם, ווי די לוזי־לײַט האָבן אָפּגעטאנצט, זײַנען ארויס אויך מוישע מאשבער און לוזי צום טאנץ. מוישע, נישט געקוקט, וואָס ער איז אן־אָוועל, האָט דאָך געוואָלט אלטערן פריילעך מאכן, און לוזי האָט מוישען אלײן ניט געוואָלט לאָזן און באשלאָסן אים אין זײַן אופגעריסענער פרייד צו שטיצן.

ס'איז געווען א מאָדנע בילד צוצוקוקן, ווענ זיי ביידע זײַנענ זיכ איינס דעם אנדערנ אינ א ראָד נאָכגעגאנג — פריִער מוישע, האָבנדיק לוזינ אונטער זיכ, אונ דערנאָכ לוזי פאָרויס, האָבנדיק אונטער זיכ מוישענ, אונ די גאנצע צײַט האָבנ זיי זיכ קימאט מיט די פענעמער נישט באגעגנט.

ס'איז אויכ מאָדנע געווענ, ווי נאָכ אָט די צוויי זײַנענ ארויס גיטעלע מיט דער עלטערער דינסט, ווי צוויי גלײַכע מעכוטענעסטעס, ווענ גיטעלע האָט זיכ געפירט מיט יענער, ביים מײַסע, מײַסע־איר־גלײַכנ, טאנצנדיק איר אנטקעגנ אונ נישט ארויסווײַזנדיק קיינ מינדסט פונ איר מער־ייִכעס אונ העכער שטייענדיקנ גראַד, אונ וואָס דערפונ האָט בא יענער, בא דער דינסט, זייער אונ זייער דאָס פאָנעם געפלאמט, אונ זי האָט בייסנ טאנצנ מיט דער יאָנטעוודיקער פאטשיילע, וואָס זי האָט לעקאָוועד דער סימכע געטראָגנ, זיכ אלע ווײַלע די אויבערשטע ליפנ אונ דאָס גאנצע מויל געווישט.

ס'האָבנ דערנאָכ געטאנצט אויכ עסטער־ראָכל מיט אידעסנ. עסטער־ראָכל מיט איר קאלט־פארהארטעוועט אונ פארלעדערט פאָנעם פונ יאָרנ דאכקעס אונ ברויט־צר־זאט־ניט־עסנ, וועלכע מ'נוצט זי, ווי געזאָגט, אינ א פאל, כאָלילע, בא שלאָפקײַטנ, בא א מעס פארנ אָפהויבנ, אָדער בא א כאסענע — ווענ געוווינלעכ — נאָר אפ די סארווערס אכטונג צו גיבנ, אונ ווענ נישט ווי געוווינלעכ, ווי איצט דאָ, בא אלטערנ מיט גנעסיענ, אפ א גרעסערנ אונ טיכטיקערנ אָנטייל צו נעמענ, ווי מיט דער קאלע די ווײַבערשע דינעמ צו לערנענ, ווי דערנאָכ זי אינ באָד אונ אינ מיקווע צו פירנ, אונ איצט, בא דער כופּע־וועטשערע — אויכ מיט איינעמ פונ די בעניי־באיעס, — ווי איצט מיט אידעסנ — צו טאנצנ. זי האָט געטאנצט שטיל, באשיידנ, קיינ איינ אָדערל אינ פאָנעם האָט זיכ איר פונ איר וואָכעדיקער פארגליווערטקײַט אונ פארלעדערטקײַט ניט געביטנ, גלײַכ ווי קיינ איינ שטראל סימכע האָט שוינ צו איר אינ אינוויינִיקסט נישט געקאָנט ארײַנדערלאנגענ, נאָר דערפאר אָבער אפ אירנ אנ־אייננארטיקנ אויפנ פרייד, וואָס האָט זיכ אינ העכסטער שטילקײַט אויסגעדריקט, אונ אינ אזא, וואָס איז עפשער העכער אונ פיל־רעדנדיקער פונ אלערליי אנדערע ליארעמדיקע סאָרטנ סימכעס.

ס'איז דערנאָכ אויכ ארויס איר מאנ, מוישע אײַנבינדער, וואָס קיינמאָל לאדט מענ אימ אפ קיינ כאסענעס ניט אײַנ, אונ ווענ יאָ — קומט ער אליינ ניט, נעמט ניט אָנ די אײַנלאדונג, מאכמעס ער גלויבט אונ איז איבערצײַגט, אז קיינער נויטיקט זיכ ניט אינ אימ, ער זאָל עמעצנס סימכע באשיינענ. דאָס מאָל אָבער איז ער אי גערופנ געוואָרנ, אי ער איז אליינ געקומענ, ווײַל עפעס האָט ער דאָס מאָל זיכ געפילט נענטער, בארעכטיקטער, אז אפ אזא סאָרט סימכע זאָל אפילע ער זיכ אָנזענ אונ זיכ פארשפאָרנ שעמענ אונ אינ א ווינקל אָפרוקנ מיט זײַנ נידעריקלעכנ וווּקס, מיט זײַנ פארבלאָזנ פאָנעם, מיט זײַנע קויטעקלעכע הענט, וואָס זײַנענ אימ ניט פינ פאמ אונ פונ קליי צו דערוואשנ.

ער האָט געטאנצט מיט מעשולעמענ. יענער, מעשולעמ אינ דער יארמעלקע, אָנעמ מיצל, וואָס ער האָט זיכ דערלויבט אויסצוטאָנ צוליב הײמישקײַט, צוליב געדולע, אונ מאכמעס ער האָט פיל, שוינ צופיל פאר זײַנ רויט קערפערל אונ פענעמל אויסגעטרינקענ; אונ מוישע אײַנבינדער אימ אנטקעגנ אינמ היטל, וואָס אנ־אנדע־

דער האָט דאָס געמעגט טראָגן אינדערוואָכן, און ער האָט דאָס געהאט אפ שאבעס, יאָנטעוו און אויך אפ כאסענעס, אפ וועלכע ער איז קיינמאָל ניט גערופן, ניט אײַנגעלאדן געוואָרן.

מעשולעם האָט געטאנצט שאדכאָניש, נאריש און צעפלאָסן, און מוישע אײַנבינדער שטיל, פארשעמט און אזוי באשיידן, אָרעמזעליק, גלײַך ער האָט מוירע געהאט מיט זײַנע קאפּצאָנישע פיס דעם פאָל אָנצורירן.

דערנאָך האָט לוזי, ווי דער עלטערער, געטאנצט „פויליש" מיט דער קאַלע. גנעסיע האָט געהאלטן די רויטע פאטשיילע פאר איין עק, און ער באם צווייטן, און ער האָט זי געפירט, און בײַס מײַכע האָבן אַלע אפ דער סימכע בײַזײַענדיקע זיי ארומגערינגלט, צוקוקנדיק, ווי לוזי וואָלט אַן־אנדערס מאָל געקאָנט ווײַזן קלאַס און היפּש־דויערנדיקע מײַסטערשאפט און באגײַסטערונג אין אזא ארט טאנץ. איצט אָבער האָט ער, לויט א ווונק, אפּאָנעם, פון זײַן ברודער מוישען, דאָס געמאכט בעקיצער.

בעקיצער האָט מען אויך געמאכט אַלע אנדערע זאכן, וועלכע זײַנען אפ אנדערע כאסענעס, לויטן מינהעג, אײַנגעפירט, דאָ האָט מען זיי פארבויגן.

מ'האָט דאָ, לעמאָשל, קיין דראָשע־געשאנק נישט אויסגערופן, ווײַל ס'איז נאָר געווען כאָסן־צאַד, און קאַלעס־צאַד האָט דאָ קיינער, אויסער דער עלטערער דינסט, ניט פאָרגעשטעלט. אזוי אויך אנדערע זאכן, ווי לעמאָשל: באזונדערע וויוואטן און טענץ לעקאָוועד פארשידענע מעכוטאָנים אויסצורופן און אופצושפּילן—פאר וועמען לענגער, ראשיקער און מיט מער קלעזמערישן פלײַס און אימפעט, און פאר וועמען וויניקער און בעקיצער דאָס מאכנדיק, ווײַל פון די, פאר וועמען מ'רופט אויס שטילער, האָבן די קלעזמער וויניקער צו האָפן אין דער האנט געצאָלטס ארײַנבאקומען. דאָ איז עס ניט געווען שײַעך, און מ'האָט, קעדײַ ניט צו באליידיקן קאַלעס־צאַד, אויך כאָסנס־צאַד מיט יענע ליארעמדיקע זאכן נישט באערט. מ'האָט געזען די קלעזמער, די קלײַ־קוידעש, ווי שאמעש, כאזן א. א., וועלכע האָבן די כאסענע באַדינט, אונטן ארום, ווי ס'איז ניט איז, צו באצאָלן, אָן שום אויסרופעניש און אָן שום הויכ־אויסשרײַענדיקע קיבודעם.

און אזוי האָט מען די כאסענע פארענדיקט. דער עוילאָם—די לוזי־לײַט און אנדערע, זײַנען, זיך געזעגענענדיק, שטילערהייט און פריצײַטיק צעגאנגען. און געבליבן זײַנען נאָר אייגענע, וועלכע מ'האָט אויך אונטערגעבאײַלט, מ'זאָל זיך יעדערער אפ נאכט צעגיין, ווהין, ווער ס'דארף.

בײַס מײַסע האָט עססער־ראָכל און די עלטערע דינסט אין איינעם א אלקער א בעט פארגרייט, און דערבײַ עפּעס איבער די קישנס געשפּראָכן און געזאָגט פארשידענע זאָגעכצן, וואָס געהערן צום באלייגנס פון א יונג פּאָרפאָלק, ווי דער מינהעג פאָדערט.

און אָט איז אין שטוב שטיל געוואָרן. די שטוב איז אײַנגעשלאָפן... און דאָ וואָלט זיך באדארפט, ווי אומעטום, ווי מ'זאָגט, דער פאָרהאנג אראָפּלאָזן, און מער וועגן איבעריקן קיין וואָרט ניט ארויסגעבראכט ווערן.

אָבער —...—...—...—...—...—...—...—...—...—...—...—...—...—...—...

אזוי ווי מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א פאל א אויסטערלישן, א קרענקלעכן,

מיט אזא, ווי אלטערנ, זײַנענ מיר געצווינגענ אויסצוזאָגנ א זאכ, וואָס געוויינלעכ האלט מענ דאָס אינ פארהוילנ; אונ נעמלעכ, אז ווי ס'ווײַזט אויס, איז אינ אָפגעזונדערטנ אלקער צווישנ פאָרפאָלק אינ יענער נאכט אינ אָפגעזונדערטקײַט פאָרגעקומענ עפעס נישט ווי דער שטייגער אונ נישט ווי די נאטור פאָדערט,—אזוינס, וואָס מאכמעס צניעס, אונ מאכמעס דרוק־מעגלעכקײַט האלטנ מיר זיכ אָפ פונ דאָס ארויסצוברענגענ, אונ מיר בעטנ דערומ דעמ לייענער זיכ אליינ אָנשטויסנ... אונ מיר, פונ אונדזער זײַט, וועלנ זיכ נאָר באניגענענ מיט צוגיבנ פאָלגענדעס: אז וואָס געהער אלטערנ, האָט מענ זיכ אפ אזוינס פונ אימ געקאָנט ריכטנ...

נעמענדיק אינ אכט זײַנ געבראָכענע געשיכטע פאר אזוי לאנג; נעמענדיק אינ אכט זײַנע אופגעהאלטענע אונ פארבאָרגענע גלוסטונגענ פונ נאָכ זײַנ געשיכטע; נעמענדיק אויכ אינ אכט די לעצטע געשעענישנ אינ שטוב, ווי אויכ דערנאָכ די כאסענע, וואָס ווי זי איז ניט געמאכט געוואָרנ אָנ קאראש, אָבער אליינ דאָס גרייטנ זיכ צו איר מיט שנײַדער, שוסטער א. א. אינ האלב טומל; דערנאָכ אליינ דער כאסענע־טאָג מיטנ פאסטנ, מיטנ גיינ אינ באָד אונ אינ מיקווע; דערנאָכ דער כאָסנ־פוצ אינ דער אָנוועזנהײַט פונ די עלטערע צוויי ברידער; דערינאָכ אויכ דאָס באזעצנ אימ צוזאמענ מיט דער אזוי בעגארטער גנעסיענ; דערנאָכ דעמ גאנצנ מעשונע אפדערנאכט מיט די האלב־שטילע טענצ פונ אייגענע אונ פרעמדע; דערנאָכ דאָס באלייגנ אונ טרעפנ זיכ אויג אפ אויג מיט דער אייגענער אונ דאָכ אימ אזוי פרעמדער גנעסיענ פאר א בעט ספעציעל פאר זיי אויסגעבעט;—נעמענדיק דאָס אלצ אינ אכט, איז פארשטענדלעכ, אז פאר אזא, ווי אלטערנ, האָבנ דאָ פארשידענע איבעראשונגענ געקאָנט קומענ, וואָס פאר א דאָקטער אונ פאר מעדיצינ איז דאָס, מעגלעכ, אנ־אייסעק צומ באהאנדלענ, קעדיי פאר אימ א טערעצ אונ א פארענטפערונג אויסצוגעפינענ, אָבער בעשומ אויפנ ניט פאר גנעסיענ, פארנ צווייטנ צאד, קיינ טערעצ, קיינ פארענטפערונג אונ קיינ אייסעק...

זי, גנעסיע, וואָס א יעדע ליאדנ יונג איז נאָר, א קוק גיבנדיק אפ איר, שוינ א שטיק געזונט אָפגעקומענ אונ צוגעקומענ... זי, וואָס איז אפילע אפ מאזשעוועס גאלאנטאָנישנ דיסקאָנט געוועג; זי, גנעסיע, אז זי האָט זיכ איצט מיט אזא, ווי אלטערנ, אזוי נאָענט אונ אזוי אָפגעפרעמדט אונ ניט באווײַבט געטראָפנ... איז ווייסט זי ניט, ווי אזוי ס'איז איר געשענ אונ וואָס פאר א קויעכ ס'האָט זי באוועגט איר געדאנק אויסצופירנ, נאָר אינדערפרי, ווענ אלטער איז אײַנגעשלאָפנ, ווענ אלצ אינ שטוב איז שטיל אונ מיד פונ דער כאסענע געווענ, אונ ווענ אינדרויסנ דאָס שוינ אָנגעהויבנ טאָגנ,—האָט זי זיכ אופגעהויבנ, זיכ אָנגעטאָנ, אביסל זיכ אינ אלקער אומגעדרייט אונ אייניקע אירע זאכנ צונויפגענומענ, פונ זיי א פעקלע מאכנדיק... אונ ווענ די עלטערע דינסט, וואָס איז, ווי געוויינלעכ, אינ קיכ געשלאָפנ, וואָלט איצט אזוי מיד ניט געווענ פונ נעכטנ, אזוי וואָלט זי געוויס דערהערט, ווי פונ שטוב איז עמיצער דעמלט אינ קיכ ארײַנגעגאנ, זיכ א קליינע ווײַלע אומגעדרייט אונ פארזאמט, אונ באלד שטיל די טיר געעפנט אונ אינ דרויסנ ארויס.

דאָס איז געווענ גנעסיע, וואָס, וווהינ זי איז יענעמ פרימאָרגנ א אָנגעטאָנענע פונ מוישע מאשבערס שטוב אוועק, קאָנענ מיר ניט זאָגנ: צי צו באקאנטע, צי צו א דינסט־מעקלערנ, צי גאָר, אינ פארבלענדזשעניש, מאושעווענ בא זײַנ העקער־

קלאָץ געגאנג זוכנ, צי גלאט ערגעצ־וווּ אָנ א ציל צו בלאָנדזשענ—ווייסנ מיר ניט. נאָר דערפאר אָבער דעם אײַנדרוק פונ איר פארלאָזנ מוישע מאשבערס שטוב אינמ ערשטנ פרימאָרגנ נאָכ דער ערשטער נאכט פונ דער כאסענע—ווייסנ מיר יאָ, אונ וועגנ דעם ווילנ מיר דאָ אייניקע ווייניקע ווערטער נאָר צוגיבנ.

אז מ'האָט אינדערפרי, שוינ שפעטלעכ, אפנ פאָרפאָלק ארויסגעקוקט, זיי זאָלנ זיכ, ווי געווינלעכ, פונ זייער אלקער ארויסווײַזנ, אונ זיי זײַנענ נישט ארויס, האָט מענ אפ א צניִעסדיקנ אויפנ א ווונק געטאָנ עסטער־ראָכלענ, וועלכע מ'האָט צוליב כאסענע־איניאָנעם געלאָזט איבערנעכטיקנ, זי זאָל זיי אָנקלאפנ אונ צעוויסנ גיבנ, אז ס'איז צײַט אופשטיינ... אונ אז עסטער־ראָכל האָט אָנגעקלאפט אונ מ'האָט איר ניט געענטפערט, אונ זי האָט אליינ די טיר א פרווו געטאָנ אונ דערזענ, אז זי שטייט אָפנ, איז זי ארײַנ אונ האָט אלטערנ שוינ א אָנגעטאָנענעם געטראָפנ, אָבער אינ אזא שטאנד, וואָס איינ קוק אירער איז געווּנג געווענ, זי זאָל פארשטיינ אז עפעס איז דאָ געשענ, וואָס ס'געשעט זעלטנ.

צי אלטער איז טאקע געשלאָפנ, בישאס גנעסיע האָט זיכ אינ וועג געקליבנ, אונ נאָר אינ לעצטנ מאָמענט האָט ער אופגעוואכט, אונ נישט האָבנדיק קיינ ווערטער אינ מויל, האָט ער זי צוריק ניט געקאָנט רופנ; צי ער האָט פונ לעכאט־כילע אָנ געזענ, ווּהינ זי קלײַבט זיכ, אונ, ווידער, נישט קאָנענדיק מיט גאָר ניט איר דערווידערנ אונ פונ איר טאט זי אָפריידנ, האָט ער זיכ געמאכט שלאָפנ—אזוי, צי אזוי, נאָר אלטער איז שוינ פונ לאנג, ווײַזט אויס, אינמיטנ שטוב געשטאַנענ בלאָס, פארטראָגנ, אונ אויסזעענדיק אזוי, ווי אָדער נאָר וואָס נאָכ זײַנעם א קראנקנ פאל, אָדער ווי ערעוו ערשט אזא...

עסטער־ראָכל האָט אימ א פרעג געטאָנ אפ גנעסיענ, אָבער מיט איר געניט־ווײַבערש אויג האָט זי דערזענ, אז ס'איז שוינ, דאכט זיכ, ניטאָ אפ וועמענ צו פרעגנ: אז ניט נאָר איר אָרט איז פארקילט, נאָר אז ווי אויכ אפילע איר געדעכעניש איז אויסגערינענ.

אלטער האָט קימאט איר פראגע נישט געהערט, אונ עסטער־ראָכל איז, — ווי פרומ זי איז ניט געווענ, אונ ווי ס'איז זיכ איר ניט געווענ אויסצומאָלנ, אז אזוינע ווילדקײַטנ קאָנענ גאָר ווענ א מאָל ערגעצ האָבנ געשענ, אָבער דאָ איז איר פאָרט א ווילדער כשאד דורכ די געהירנ דורכגעגאנגענ, אליינ נאָר פונ א פארבאָרגענעם ווײַבערשנ כוש: אפנ בעט א קוק גיבנדיק אונ אויכ אפ אלטערנ — דעם בלאסנ, פארקילטנ אונ האלב־פארגליווערטנ.

זי איז גלײַכ ארויס אונ האָט עפעס מוישע מאשבער אינ אויער אײַנגעראָמט. אונ באלד איז אינ שטוב אפ אלעמענ א אומרו געווענ צו באמערקנ, ווענ איינער באמ אנדערנ האָט, כידעשנדיק, זיכ גענומענ דערפרעגנ: „וואָס הייסט? ווּהינ? ווי געשיקט זיכ?" אונ אלע האָבנ זיכ גלײַכ צו דער עלטערער דינסט א לאָז געטאָנ, פרעגנדיק בא איר אינ מוירע אונ ווי פונ איר אפ א לעצט אונ זיכער וואָרט וואַרטנדיק: צי איז דאָס מעגלעכ? צי ווייסט זי עפעס? אונ צי האָט איר אזוינס אפנ זינענ גאָר געקאָנט קומענ? — אונ אויכ זי, די עלטערע דינסט, האָט ניט געוווּסט וואָס צו זאָגנ.

— נישטאָ!.. — איז אינ אלעמענס דערשראָקענע אויגנ צו זענ געווענ, אונ מ'האָט

אפילע ניט געדענקט זי צו נעמענ זוכנ, ווײַל אלע האָבנ דערפילט, אז אויב אזא זאכ געשעט, איז שוינ זוכנ ניט שײַעכ, ווײַל דער ביזאָיענ פונ אומלויפנ אונ זיכ אָנפרעגנ וועט נאָכ זײַנ גרעסער אונ די בושע מאמאָשעסדיקער.

א סוואָרע פונדערסטוועגנ, אז מ'האָט יאָ אביסל געזוכט. א סוואָרע, אז שטילערהייט האָט מענ די עלטערע דינסט אונ עסטער־ראָכלענ איבער דער שטאָט ארויסגעשיקט, אז טאָמער, עפשער, וועט מענ זי דאָכ אָפזוכנ, ערגעצ אָנטרעפנ, געפינענ אונ זי פאָרט צוריק אומקערנ.

מ'האָט זיכ, ווידער א סוואָרע, אויכ צו פארשידענע סאָפעקדיקע פארשווינענע געווענדט, צו עפעס סאָרטנ „נעוויאימ”, צו וועלכע מ'ווענדט זיכ ביים א גנייווע, ווענ עפעס ווערט פארפאלנ, אונ קיינער פונ זיי האָט ניט געוווסט פונ וואָס צו זאָגנ, צוזאָגנדיק נאָר צו זענ געווירע ווערנ אונ דערווײַל האָבנ זיי זיכ פאר דער שפעטערדיקער טירכע געהייסנ באצאָלנ.

ס'איז דערפונ גאָר ניט ניט ארויסגעקומענ. גנעסיעס שפורנ זײַנענ פונ יענעמ פרימאָרגנ פונ יענער שטוב אפ שטענדיק פארשווונדנ, אונ איבערגעלאָזט האָט זי נאָכ זיכ נאָר אירע כאסענע־קליידער, וואָס („נאָכ א לײַטעשקײַט פונ איר זײַט”... האָט מענ אינ שטוב געזאָגט) וואָס זי האָט זיי ניט פארנומענ, באניגנדיק זיכ נאָר מיט איר אייגנ־פארהאָרעוועטס, וואָס זי האָט זיכ אפ איר שטעלע דערוואָרבנ, אי דאָס אויכ נישט מיט אינגאנצנ... איבערגעלאָזט האָט זי נאָכ זיכ אויכ אלטערנ — א מאנ אָנ א ווײַב, אָבער דערפאר שוינ אינ א טאלעס, וועלכנ ער האָט פונ הײַנט אָנ באדארפט אָנטאָנ באמ דאווענענ... איבערגעלאָזט האָט זי נאָכ זיכ אויכ א נײַעמ בראָכ בא מוישע מאשבער, וואָס נאָכנ ערשטנ מעס האָט מענ אימ איצט, ווי א צווייטנ פונ שטוב ארויסגעטראָגנ — א מעס, א שטיק גורל, וועלכער האָט זיכ אימ גענומענ ברעכנ אונ אָפפאלנ כאלאָקעמ־ווײַז, צוזעענדיק, ווי אפילע אזא זאכ, ווי נאכעס האָבנ פונ א אומשולדיק־קלער מיצווע א ברודער כאסענע צו מאכנ איז אימ אויכ פונ ערגעצ, פונ אויבנ, ניט פארגינענ...

יאָ, ווער ס'וואָלט יענע טעג געזענ מוישע מאשבער אונ אפ אימ א רעכט באָאבאכטנדיקנ קוק געטאָנ, וואָלט באמערקט, אז א שטיק האָר־בלאָנדקײַט פונ זײַנ קאָפ אונ באָרד איז אימ טונקלעכ־סיווו געוואָרנ; אז ער האָט זיכ ערגעצ באמ קארק אונ בא דער פלייצע א עלטערלעכנ בויג געטאָנ, אונ אז פונ אָט דעמ בויג, דעמ קאָפ־באמערקבארנ, איז אימ זײַנ וווקס, ווי אפ פיל געמינערט אונ אראָפגעזעצט געוואָרנ, ווי א שטוב אמאָל ערעוו אלט ווערנ אונ אפ א זײַט אראָפזינקענ.

---

בינעם העלער

# ליגט דער האריזאנט

ליגט דער האָריזאָנט אין גרויען קלעם
און א נעפּל דעקט די פעלדער צו.
אין דער ווײַטקײַט גיי איך און פארנעם
און זאפּ ארײַן אין זיך די בלייכע רו.

אפּ די ווײַעס קלעפּט נאָך אלץ דער שטויב,
אז מײַן פּאָנעם בלויט די ניסרעפּ־פארב,
און דער רוים איז נאָך פון רויש פארטויבט
און די לופט איז טרויעריק און הארב.

אין מײַן היימשטאָט ברענט דער לעצטער שײַטער,
איבער כורוועס שפּאנט מײַן מאמע שטום —
דאָ אנטקעגן מיר א רויטער רײַטער
נעמט מיט זײַן גאלאָפּ די ערד ארום.

רויטער רײַטער, שטעל נישט אָפּ דײַן פערד,
שפּאן אים אָן צום סאמע שנעלסטן פלי!
אויב מײַן מאמען איז א גרוס באשערט
זאָל זי אים באקומען אינדערפרי.

טרעפן וועסטו צו מײַן מאמעס טיר,
נאָך דעם שטילן רייעך פון דער נויט —
רויטער רײַטער, נעם שוין מיט פאר איר,
נעם פארייניוועגס א סאָוועטיש ברויט.

זאָגן זאָלסטו: אין דער שטילער שאָ,
ווען איך בין צו דיר אין לאנר ארײַן,
האָב איך ניט פארגעסן, אז זי איז נישט דאָ,
אז אפּ כורוועס שפּאנט זי איצט אליין.

# די לעצטע וואנדערונג

דעם כאָלעם איז שווער צו געטרויען —
און דאָכ זע איכ פאָשעט און פראָסט:
דעם פרילינג אינ גרינעם און בלויען —
איצט מאָלט מיר אפ שויבנ דער פראָסט:

כ׳בינ טאקע אינ צימער פארמאכט
און ס׳היטנ געטריַי מיכ די ווענט.
נאָר איצטער, אינמיטנ דער נאכט —
טריפנ מיט גליק מיַינע הענט.

כ׳האָב היַינט ערשט באגלייט אינעם גאנג
א מאכנע מיט גרויענ געפעק.
דער צוג האָט געצויגנ זיכ לאנג,
נאָר קורצ איז געווענ דער וועג.

א פלאכטע פונ רויטנ געוואנט,
באלויכטנ האָט טונקעלע קעפ,
און ס׳האָבנ די טריט מיכ דערמאָנט:
מיַינ הארצ גיט צו האסטיקע .קלעפ.

מיַינ אויג האָט גענוג שוינ דעם וואנדער,
דעם יאָמער און שטרויכלונג פונ טריט,
נאָר איצט איז געוואָרנ פארוואנדלט
דער וואָגל — אינ מארש און אינ ליד.

זיי גייענ צו פינפ אינ א ריי,
מיט לאָזונג אפ רויטנ געוואנט
און ס׳שמעלצט זיכ דער פראָסט פונ געשריי:
זאָל לעבנ דער ראטנפארבאנד!

עס ווארט שוינ אפ זיי ווי א צוג,
וואָס וועט זיי צעפירנ אפ ערד.
דער צוג וועט א פיַיפ טאָנ גענוג!
און אלצ וואָס געווענ — ווערט צעשטערט...

אָ, יוגנט, אפ סמאָטשע פארבליטע —
וועסט בליַיבנ אפ אייביק אנטשוויגנ!
ס׳וועט מער זיכ ניט דרייענ די פליטע
מיט יאָסעלע ראָזענבלאטס ניגנ.

כ׳האָב הײַנט אינ א פעקעלע גרוי,
דערקענט זיכ אינ פליטים־געפעק.
איצט פירט שוינ דער צוג דיכ ארויס —
אפ פרײַענ, אפ אָפענעם וועג.

אונ איצט בינ איכ פרײַ אונ אליינ
אונ שרײַב אזוי פאָשעט אונ פראָסט:
דער פרילינג אינ ליכטיקסטנ שײַנ —
מאָלט מיר אפ שויבנ דער פראָסט.

ביאליסטאָק.

י. עמיאָט

# לידער

## אין אָקטיאַבער־צוג

און אזוי האָט דער כאָג אונדז פארייניקט,
מיר גייען געפּאָרט אין דער ריי;
עס דארפ דאָך די פרייד אזוי ווייניק
אפ ווערן זיך נאָענטע פרייַנט.

סע שפּילט דער אָרקעסטער איצט „מאָסקווע",
די ליד אזוי נאָגנדיק באנק,
אין דעם צוג דעם לאנגן פארוואנדלט
אין א קייט פון לויטער געזאנג.

מיר רירן שטיל ווי די טענער,
מיט די הונדערט טויזנט צוזאם,
און פאלן אין פלאם פון די פענער
פלעמעלעך צוויי אין א פלאם.

דו ביסט פון בארופ א פיאניסטן,
און איך — אסאך צו דערציילן,
נאָר אלץ אפ אמאָל ווילסטו וויסן
איצט אין דער קלייניקער ווייַל.

פאר דיר איז אלצדינג באקאנט שוין,
און איך — איך הויב דאָך ערשט אָן,
און בין אין טעג בלויז פארוואנדלט שוין
מיט אָקטיאבער און מיט רויטער פאָן.

נאָר איך — מיר ניט צו דערקענען
בין אריַין אין דער פרייד אומגעריכט,
ווי א פלאסטערל גרייט אפ צו ברענען
אין ציטערדיק פלעמעלע ליכט.

ס'איז גרויס די פרייד פון געפינען,
איז וואָס אז אין פריידיק געזאנג,
נאָך באהאלט זיך די פּייַן פון אנטרונען
און די ליידן די אלטע פון לאנג?

די אָפּן געלאָזענע גריבער —
די צײַט — זי פּאַרשיס... זי פּאַרשיס...
„יעסלי זאַווטראַ" — דער צוג דירט אין פיבער
איך גיי מיט! איך גיי מיט! איך גיי מיט!

## א בריוו צו דער מאמען

און דו ביזט נאָך אַלץ פון יענער זײַט גרענעץ —
טונקלט אַפּ דער פרייד פון מײַן האַרצן דער טרוים;
„עס זײַנען אַלע אַוועק שוין, נאָר דו ביסט געבליבן" —
דערטראָגט זיך דער טונקעלער גרוס צו מײַן אויער.

ביסטו פאַרומערט אַליין דאָ געבליבן
מיט די געציילטע פון דער פּאַריאָסעמטער איידע,
און ווי קען מיר די פרייד די גרויסע באַקומען
מאמע, פון דיר זיך אַפּ אייביק צו שיידן!

און דאָ זינגט יעדער שטיין, גייט איבער די ברעגן
דאָס טיפע גליק פון איבערגעבוירן,
ערשט מאמע ווי וואָלט איך צו מײַן האַרצן דיך דריקן
פאַר אַלע די יאָרן פון ליידן און טרויערן.

עס גייט דאָ דײַן זון אום מיט יאָרן באַנײַטע,
נײַ איז די פרייד דאָ און נײַ דאָס באַדאַרפן,
נאָר דו מוזט זײַן הײַנט געלער ווי טאָמיד
און די קנייטשן פון פּאָנעם נאָך שאַרפער... נאָך שאַרפער...

און איך מאָל מיר דײַן בילד אויס אַפּן פּאָן פּנעם עלנט
די נעכט, אוי, די נעכט! און די שאָבעס־צונאַכטסן,
דער פענצטער וואָס גייט אַרויס אַפּן פעלד,
דער וועג צום בעסוילעם נישט דאָ צו דאַכטן.

ס'איז טרויעריק דאָך אייביק געווען אין דײַן שטיבל
און טרויעריקער הײַנט נאָך מיט שכיינעס געציילטע,
טעג פון נאָוועמבער עלנטע, טריבע,
ווען עס פאַרלירט זיך דער ווינט אין בלעטער פאַרגעלטע.

וועסטו ווען קומען דורך זײַטיקע פעלדער? —
עס קען דאָך דײַן טריט יעדער וועגל און שטעגל
עס קען מער דײַן זון ניט אַרומגיין קיין עלנטער,
אין דער אַרומיקער פרייד וואָס שוימט איבער ברעגן.

ביאַליסטאָק.

שײַע שקאראָווסקי

# אָדעס

## אָרדענונג

(קאפיטלענ פונ צווייטנ בוכ)

אומעטומ האָט מענ גערעדט וועגנ אָרדענונג אונ אינ ערגעצ איז קיינ אָרדענונג ניט געווענ. אפ דער שטענדיק שטילער אונ געמאָסטעסטער פושקינער־גאס האָט מענ צעשטעלט די סטודענטישע מיליציע, וואָס האָט באהיט די געזעלשאפט פונ קעגנזײַטיקנ קרעדיט, די בירזשע אונ דעמ קריגס־אינדוסטריעלנ קאָמיטעט. די סטודענטנ מיט די רויטע לענטעס אפ די ארבל האָבנ ארומגעשפאצירט לענגויס דער גאס, אָנ אופהער פאָרזיכטיק איבערגעלייגט די ביקסנ אפ די אקסלענ.

לעבנ די ברויט־קלייטנ האָבנ זיכ נאָכ אלצ יעטווידנ פרימאָרגנ געקליבנ הונגעריקע פרויענ מיט קינדער אפ די הענט. די שויבנ זײַנענ געווענ אויסגעשלאָגנ. די מאקוכע־ברויטלעכ האָט מענ ארײַנגעטראָגנ אינ קלייט דורכנ הויפ. דערפאר אָבער האָבנ זיכ אפ די טרעפ ארופגעקליבנ אומבאקאנטע פארשוינענ, וואָס האָבנ פרײַוויליק אפ זיכ ארופגעלייגט די פליכט אײַנשטעלנ אנ אָרדענונג אינ די אופגעצאָרנטע פרויענ־רייענ.

— אָרדענונג, בירגער, מיר בעטנ האלטנ אָרדענונג, — האָט זיכ געטראָגנ פונ איינ עק גאס ביז דער צווייטער. עמעצער האָט זיכ שוינ געפרוווט אָפגעוווינענ דעמ אוילעמ פונ שפאצירנ אינ מיט פונ דער גאס, האָט ער אליינ אהער אונ דאפקע אפ דער מיט פונ גאס געשלעפט א באנק, אָדער א ליידיקנ קאסטנ, זיכ ארופגעשטעלט אינ הייס איבערצײַגט אלעמענ:

— אָרדענונג, די רעוואָליוציע פאָדערט פריִער פונ אלצ אָרדענונג.

צוליב אָרדענונג וועגנ האָט מענ פונ שטאָטישנ וואָקזאל מיט די באגנעטנ געטריבנ די פאסאזשירנ, וואָס האָבנ וואָכנווײַז געווארט אפ אנ אָפגייענדיקנ צוג.

אינ שטאָט האָבנ זיכ באנײַט די מאסנ־אָבלאוועס אפ דעזערטירנ. א פאטרול האָט זיי געפירט איבער די גאסנ, ווי געפאנגענע. אָפגעריסענע אונ דערצאָרנטע האָבנ די דעזערטירנ אפ צעלאָכעס יעדעס מאָל זיכ אָפגעשטעלט אונ זיכ געקריגט מיטנ פאטרול:

— מירנ פארויכערנ, וואָס היט איר אונדז, ס'איז דאָכ פרײַהײַט...

אפ די טרעפ פונ די קלייטנ זײַנענ געשטאנענ די באלעבאטימ מיט די אָנ־געשטעלטע, געשפּאָטנ פונ די דעזערטירנ, צומאָל פּאָשעט געשפּיגנ אפ זיי אונ געשריִענ:

— א שאנדע! א שאנדע!

אינ שטאָט־גאָרטנ האָט מענ צעהאנגענ גרויסע פּלאקאטנ מיט אומגעלומפּערטע געמעלנ פונ קאָזאקנ, וואָס לויפנ מיט די באגנעטנ פאָרויס אונ שרײַענ דערבײַ:

— בירגער, שרײַבט זיכ אונטער אפ דער פרײַהײַטס-האלוואָע אינ זאָנשיינס באנקיר־קאָנטאָר...

אינ שטאָט־גאָרטנ אפ די געציילטע פארבליבענע דאָ בענק זײַנענ געשטאנענ אָפּיצערנ מיט פארנייטע עפּאָלעטנ אונ הייס אגיטירט די ניאניעס אונ אלטע לײַט פאר דער מילכאָמע ביזנ זיגרײַכנ סאָפ.

דאָ האָבנ ארומגעבלאָנקעט א גאנצענעמ טאָג בארמהערציקע שוועסטער פונעמ רויטנ-קרייצ מיט פארזשאווערטע פושקעס, וואָס מע האָט אראָפּגענומענ פונ די קלויסטערס אונ געזשעבערעט נעדאָוועס פאר די פארוווּנדעטע אונ צעקאליעטשעטע שלאכט־מענער.

פונ אינדערפרי זײַנענ די שווארצע אײַזערנע טויערנ פונ דער בראָדער שול געווענ ברייט צעעפנט. די שאמאָסימ זײַנענ געשטאנענ אינ דרויסנ מיט די קורצע טאלייסימלעכ אפ די אקסל, אינ די הויכע, שטענדיק שטײַפע אויסגעפּרעסטע יאר־מעלקעס אונ גערופנ די דורכגייענדיקע יידנ:

— קומט ארײַנ, אפ א פּאָר מינוט בלויז!

דער אוילעמ האָט געלאכט פונ די שאמאָסימ:

— אינ בראָדער שול האָט שוינ אויסגעפעלט א מיניענ?

— וואָס איז דער יאָנטעוו, אשקענאזי מאכט כאסענע די טאָכטער?

די טרעגער, וואָס זײַנענ געשטאנענ אפנ ראָג, מיט די איבערגעקערטע זעק אפנ קאָפּ זײַנענ צוגעטראָטנ צו די שאמאָסימ אונ מיט שפּאס בא־זיי געפרעגט:

— מיר פארמאָגנ ניט קיינ טאלייסימ, איר וועט אונדז לאָזנ דאווענ אינ די זעק?

צו הילפ די שאמאָסימ זײַנענ געקומענ די גאבאָיִמ, וועלכע זײַנענ ארומגעגאנגענ איבערנ הויפ מיט רויטע לענטעס אפ די ארבל:

— אדעראבע, בירגער, אבי איר זײַנט נאָר א ייִד, איז אדעראבע, קומט ארײַנ אינ שול!

אינ שול האָט דער צופעליקער פארבעטענער אוילעמ ניט געוווּסט וואָס מע וויל פונ אימ. מע האָט זיכ אויסגעזעצט אפ די בענק, אינ דערהייכ געלייענט די רוסישע אופשריפטנ אפ די צוגעשלאָגענע מעטאלענע שילדלעכ פונ די כאָשעווע שול־באלעבאטימ:

— איסאק באָריסאָוויטש באָמזע...

— אלפרעד יוריעוויטש אשקענאזי...

— מיראָנ אדאָלפאָוויטש באראבאש...

די שאמאָסים זײַנען ארומגעגאנ צװישנ אױלעם אונ געפרוּװט אײַנשטילנ דעמ טומל:

— אָרדענונג, בירגער, אָרדענונג!

אז אינ שול איז געװאָרנ עטװאָס רויִקער, איז אפּנ באלעמער ארופ דער באקאנטער פריסיאזשנער פּאָװערענע בענ אונ געהאלטנ א פײַערדיקע רעדע.

— מיר ייִדנ, — האָט זיכ געהיצט בענ, — אונ געהױבנ די הױכע, שפּיציקע אקסל, — זײַנען שטענדיק געװענ קנעכט בא קנעכט אונ איצט זײַנען מיר באפרײַט געװאָרנ. דאָס האָט אונדז די רעװאָליוציע באפרײַט.

דער רעדנער האָט אָפּגעאָטעמט אונ גענומענ ארויסװײַזנ זײַנ באהאװנטקײַט אינ דער געשיכטע פונ מעלוכע־רעכט.

— מיר ייִדנ זײַנען שטענדיק געשטאנענ אפּ דער װאכ פונ רעכט אונ גערעכטיקײַט. אונדזערע טאלמודיסטנ האָבנ אונדז געלערנט װי צו שעצנ די רעכט פונ יעטװידער מעלוכע. די צײַטװײַליקע רעגירונג, כאָטש זי האָט נאָכ ניט די רעכטלעכע סאנקציע...

פונ דער גאליאָרקע האָט עמעצער איבערגעריסנ דעמ צעהיצטנ יוריסט:

— איז װאָס־זשע האקסטו א טשײַניק?

אינ שול איז געװאָרנ א טומל. מע איז געקראָכנ אפּ די בענק. געדראָעט מיט די פויסטנ די װאָס האָבנ זיכ צונויפגעשטופּט אפּ דער גאליאָרקע. די געשרייענ פונ דאָרטנ האָבנ אָבער ניט אופגעהערט:

— זאָל ער בעסער זאָגנ, по какой такой статье, גײט ער אינ א צילינדער אונ נעמט פּופּציקערס פאר א ספּראװקע!

— מיר קאָנענ אימ, דעמ אײַצע־געבער!

— גענוג אונדז געלערנט!

די גאבאָיִמ האָבנ זיכ צונעשארט צו דער מיזרעכ־װאנט, װי צו אנ אלטער אויסגעפּרוּװטער פּאָזיציע אונ פונ דאָרטנ געקלאפּט אינ די הױכע, פריש־אָפּגעפּאָלירטע סטענדערס:

— אָרדענונג, בירגער, היט די אָרדענונג!

װי נאָר דער טומל האָט אפּ א רעגע אופגעהערט, האָט בענ א דריי געטאָנ מיט די שפּיצ אקסלענ װי אײַנגעשטעלט זײַער אײגענעמ גלײַכגעװיכט אונ אפּגיכ פאָרענדיקט זײַנ דראָשע:

— מיר, אָדעסער ייִדנ, דארפנ הײַנט שװערנ טרײַהײַט דער צײַטװײַליקער רעגירונג...

מיט א נײַער קראפט האָט אויסגעבראָכנ דער טומל. דאָס קלאפּנ אינ די סטענדערס, דאָס טופּענ מיט די פיס, די געשרייענ פונ דער גאליאָרקע האָבנ זיכ צונויפגעגאָסנ אינ אײנ שרעקלעכנ געפילדער. די שאמאָסים, װאָס האָבנ געפרוּװט ארופגײנ אפּ דער גאליאָרקע האָט מענ געריסנ פאר די טאלײסימלעכ אונ געיאָגט אײבער די טרעפּ...

— װאָס זאָגט איר אפּ די מײַז...

— װער ס'װיל שװערנ, זאָל שװערנ, מיר װילנ עסנ...

איינצלנע נאָר זײַנע ארופגעגאנגענע אפן באַלעמער, ארײַנגעקוקט בענען אינ די צעשראָקענע בייזע אויגנ זײַנע אונ שטיל, היפנדיק, נאָכגעזאָגט נאָכ אים די ווערטער פונ דער שוועּ, וועלכע ער האָט געלייענט אינ רוסיש. אפנ באַלעמער זײַנען געשטאנענ די פאָרשטייער פונ די יידישע סטודענטנ, וועלכע האָבנ אהער געבראכט א צעטל פונ די „יידישע שילער פונעם נאָוואָראסיסקער אימפעראטאָרישנ אוניווערסיטעט“, געלייענט די פאמיליעס אונ בענ האָט זיי הורטאָם געבראכט צו דער שוועּ.

אפ דער נאכט איז פאָרגעקומענ דער מיטינג פונ די יידישע סטודענטנ אינ נאָוואָראסיסקער אוניווערסיטעט. באם ארײַנגאנג איז געשטאנענ די „יידישע סטודענטישע מיליציע“ מיט רויטע לענטעס אפ די ארבל אונ מאָגנ־דאָווידס אינ די לאצנ. די „מיליציאָנערנ“ האָבנ זיכ געווענדעט צו אלעמענ אפ העברעיש אונ דאָ טאקע אפנ אָרט גלײַכ איבערגעזעצט אינ רוסיש:

— Только в строгом порядке.

דער הויפט־רעדנער אפנ מיטינג איז געווענ דער באוווּסטער פירער פונ די אָדעסער ציאָניסטנ נעכאמאָוויטש. ער איז געשטאנענ אפ דער בינע אינ א לאנגנ שווארצנ סורדוט אונ געדונערט מיט זײַנ באסאָווער פעלדפעבעלישער שטים:

— ס'דערנענטערט זיכ די שאָ, ווענ וועלכער ס'האָט געטרוימט דאָס וועלט־יידנטום אינ מעשעכ פונ דוירעס... מירנ זיכ דערווערבנ דאָס רעכט [illegible] פרײַנ אָרמאל לעבנ... אינ פאלעסטינע.

האָט זיכ איינער פונ די סטודענטנ אופגעהויבנ, איבערגעריסנ דעם הויפט־רעדנער אונ אינ פאָשעטנ יידיש געבעטנ א וואָרט. נעכאמאָוויטש האָט לאנגזאם אופגעהויבנ דעם קאָפ, אונ אָנגעשטעלט אפ דעם וואָס האָט געבעטנ א וואָרט זײַנע גרויע וועלפישע אויגנ. ער האָט צוערשט אויכ אזוי רויק אונ לאנגזאם אָפגעטרונקענ פונ דער גלאָז וואסער אונ א בייזנ זאָג געטאָנ:

— א שאנדע!

— א שאנדע, א שאנדע, — האָבנ פונ אלע זײַטנ געטומלט די ציאָניסטישע סטודענטלעכ, זיכ געוואָרפנ מיט די פויסטנ אינ אלע זײַטנ. דער וואָס האָט געבעטנ א וואָרט האָט דאָכ ארויסגעזאָגט זײַנ מיינונג:

— ניט אינ פאלעסטינע, נאָר דאָ וועט דאָס פאָלק זיכ דערווערבנ זײַנע רעכט.

נעכאמאָוויטש האָט געשטראָפט:

— ס'איז מיעס אונ שענדלעכ ווענ דאָ צווישנ דער יוגנט, אינ די טעג פונ גרויסנ יאָנטעוו קלינגט ווידער צווישנ אונדז די שפראכ פונ גאָלעס, דער זשארגאָנ...

עמעצער האָט ווידער געוואגט איבערײַסנ דעם ציאָניסטישנ הויפט־רעדנער.

— יידיש איז די שפראכ פונ מאסנ, די שפראכ פונ קאמפ אונ פרײַהײַט.

נעכאמאָוויטשנ האָט פארביטנ דער צווייטער גענעראל־רעדנער פונ די אָדעסער ציאָניסטנ פישער. ער איז געשטאנענ אינ דער סטודענטישער אוניפאָרם, א נידעריקער, רויטער, מיט דער גרויסער געגאָלטער קאָפּ, פארהייבנ הויכ די לינקע האנט אונ געפאָדערט:

— אָרדענונג!

פישער האָט גערעדט ווענ דאָווידּ האמיילעכ אונ צעוארנ, ווענ נאפּאָלעאָנענ

און ניסשען, וועגנ אסימיליאציע און די ייִדישע לעגיאָנען פונ דער ענגלישער ארמײ, וואָס זײַנען...

— דער שטאָלצ און רום פונ אונדזער פאָלק.

ווידער האָט מען געפאָדערט באַם פרעזידיום א וואָרט אינ ייִדיש, ווידער האָבנ די סטודענטלעכ מיט די מאָנג־ראָווירס אפ די לאצנ געטומלט:

— א שאנדע! א שאנדע!

באַם ארויסגאנג האָט אויסגעבראָכנ א געשלעג. נעכאמאָוויטשנ האָבנ ארויסגעבליט די בראַווע „מיליציאָנערנ". ער האָט צום ערשטנ איינ אקסל ארויסגעשטעלט און נאָכדעם דעם צווייטנ אינ, אריבערשפאנענדיק די שווער טעמפ און בײַז א זאָג געטאָנ:

— שוסטערוקעס, זיי וועלנ פארדארבנ די פרײַהײַט!

די באַגלייטער האָבנ מיט ערנפורכט צוגעבאָמקעט:

— קיינ, קיינ!

אפ דער בינע איז נאָכ אלצ געשטאנענ פישער, די האנט אינדערהייכ פארהויבנ און זיכ באַמיט אלעמענ איבערשרײַענ:

— אָרדענונג, בלויז אָרדענונג!

דעם זעלבנ אפדערנאכט האָט מענ אפ דער זיצונג פונ דער שטאָט־דומע דורכגעלייענט דאָס צעטל פונ די פראָוואָקאטאָרנ, וואָס האָבנ געדינט אינ דער אָדעסער אָכראנקע. דאָ האָט מענ שוינ איצט ניט באַדארפט רופנ צו אָרדענונג. א טויטשטילקײַט האָט געהערשט אינ זאל. פונ דעם באַמאָלטנ מיט אייל־פארבנ סופיט זײַנענ אראפגעהאנגענ די פרעכטיקע הענג־לאָמפנ, פינצטערע און טרויעריקע, זיכ שווער געוואקלט, און ווי אויכ זיכ צוגעהערט צו דעם גרויזאמענ צעטל פונ פארעטער און פארקויפטע נעשאָמעס. באַ יעדנ איינעם דערמאָנטנ נאָמענ האָט דער זאל אופגעציטערט. די מענטשנ האָבנ זיכ ענגער צונויפגעדריקט, ווי מוירע געהאט, אז דער אָנגערופענער פראָוואָקאטאָר זאָל זיכ דורכשארנ אינ זײַנ גאָרנ גרויליקנ געשטאלט צווישנ די רייענ.

— זשעלעזניאק כאַיִם, צונעמעניש „פאטיטש", א זעצער פונ דער דרוקערײַ „אָדעסקי ליסטאָק".

— קאָטלערמאנ זאָרעכ — צונעמעניש „אבראמאָוו" — מיטארבעטער פונ „אָדעסקיִא נאָוואָסטי".

— פראק — צונעמעניש וואָלקאָוו, פסעוודאָנים „אָוואָד" — רעפּאָרטיאָר פונ „אָדעסקאיִא פאָטשטא".

— בימאנ — א לערער.

— איוואנטשענקאָ — מיטארבעטער פונ קריגס־אינדוסטריעלנ קאָמיטעט.

— בליצ — רעדאקטאָר פונ „אָדעסקאיִא פאָטשטא".

די אָנגעשטרענגטע שטילקײַט אינ זאל פונ דער שטאָט־דומע האָט געפלאצט. קענדעל דער רעדאקטאָר פונ „אָדעסקיִא נאָוואָסטי" האָט זיכ איבערגעדרייט אפ דעם ווייכנ שטול, אויסגעקערעוועט מיט דער זײַט צום פרעזידיום, אָנגעבלאָזנ די פולע באקנ און אומצופרידנ א זאָג געטונ דער זינגערנ איזא ברענער, וואָס איז געזעסנ לעבנ אים:

— און איך גלויב ניט!

פון א צווייטן ווינקל האָט זיך אופגעהויבן, אַן אָנגעצונדענער, דער רעדאקטאָר פון „אָדעסקי ליסטאָק“ ווײַס, און זיך צעשריִען:

— מע דארף נאָך דערווײַזן!

ברייקעוויטש, דער פאָרזיצער פון קריגס־אינדוסטריעלן קאָמיטעט, וועלכער איז געזעסן אין פרעזידיום, האָט אופגעשלאָסן דאָס קליינע האנט־רענצעלע, מיט וועלכן ער שיידט זיך קיינמאָל ניט, עפּעס לאנג געשארט צווישן די פאפירן, און מיט געפינענדיק דאָרט וואָס ער האָט באדארפט, צוריק צוגעשלאָסן דאָס רענצל, עס אָפּגערוקט פון זיך, זיך אופגעהויבן פון אָרט און מיט א טונקלעם בליק באטראכט דעם עולם.

— בירגער, ס'איז טאקע אומגלויבלעך, אָבער מיר דארפן די זאך גענוי און ערנסט אויסקלאָרן, איך לייג פאָר אויסשטעלן א ספעציעלע קאָמיסיע.

ערשט איצט האָט זיך פון אָרט, ווי קוים אָפּגעריסן, אופגעהויבן אברהם בליץ. ער איז געשטאנען א ווײַלע א פארגליווערטער. פון די ווינקלען פון זײַן מויל האָט געזעצט א פינע. ער האָט אף א רעגע צוגעמאכט די אויגן, באלד זיי ווייטעקדיק געעפנט און זיך צעשריִען:

— און איך זאָג, ס'איז א בילבול, ס'האָט פעליקאן אף מיר אויסגעטראכט, איך וועל זיך נאָך מיט אים צערעכענען. איך פארייניק זיך צו דעם פאָרשלאג פון מיכאיל וואסיליעוויטש ברייקעוויטש. אדעראבע, זאָל מען באשטימען א קאָמיסיע, אדעראבע...

פון אלע זײַטן איז מען געלאָפן צום אָרט, וו ס'איז געזעסן ווי אין א הינערפלעט דער רעדאקטאָר פון „אָדעסקאיא פאָטשטא“ אברהם בליץ. אין פרעזידיום איז שוין קיינער ניט געבליבן, אויסער דעם נידעריקן און ערנסט פארזאָרגטן ברייקעוויטשן. די געדיכטע גראָוולעכע ברעמען זײַנע זײַנען זיך ענג צונויפגעלאָפן, ער האָט געהאלטן די האנט אפן רענצעלע, ווי עס אָפּגעהיט פונעם אופגעברויזטן המון. מיט א קאלטער, פרעמדער און איינצײַטיק שטרענגער שטים האָט ער זיך באמיט באַרויִקן דעם עולם:

— לאָזט אים צורו, בליצן, ער כאלעשט!

— רופט אָן קאנדידאטן אין דער קאָמיסיע!

פון א זײַט האָט עמעצער דערקלערט:

— די באָלשעוויקעס שיקן אין דער קאָמיסיע דעם כאווער ליטינסקי.

ווידער זײַנען אלע אופגעשפרונגען פון די ערטער און געזוכט מיט די אויגן דעם באָלשעוויק ליטינסקי.

ברייקעוויטש האָט נאָך אלץ ניט אראָפּגענומען די האנט פונעם רענצעלע און מאָנאָטאָן געבעטן:

— אָרדענונג, בירגער, היט די אָרדענונג!

* * *

די מאניפעסטאציע פון די מאָלדאוואנקער גאנאָווים, וועלכע ס'האָט פלאנירט דער מאיאָר קוואס, איז ניט פאָרגעקומען. ווי נאָר די וואָס זײַנען זיך צונויפגעקומען אין הויף אף סטאראָפּאָרטאָפראנקאָווסקע 10 זײַנען דערגאנג ביזן ראָג טיראספּאָלער גאס

האָבנ די רייענ אָנגעהויבנ צערונען. צום ערשטנ איז אוועק די פאָדערשטע שערענ־גע, וואָס האָט געטראָגנ דעמ הילצערנעמ טאָוול מיטנ גרינעמ אויפשריפט:

— מיר, מאָלדאַוואַנקער גאַנאָווים, ווילנ ווערנ ערלעכע לײַט!

זיי זײַנען פארשוווּנדנ צוזאַמענ מיטנ פלאַקאַט. דער מאַיאָר קוואַס, וואָס איז גע־גאַנגענ פאָרויס אינ דער בורקע, האָט זיכ אָפּגעשטעלט, אויסגעקערעוועט אונ באַקוקט די שיטער געוואָרענע רייענ. ער האָט אויסגעשפּיגנ אונ ווי צו זיכ אַליינ, געזאָגט:

— ווילט איר, הייסט עס, ניט ווערנ קיינ באַוווסטזיניקע, איז א קרענק אינ די פראַנצעוואַטע בייגער אײַערע, פוילע מאַראַוויכערס...

מאַיאָר קוואַס איז די גאַנצע צײַט געווענ טרויעריק אונ דערשלאָגנ. ער האָט ניט געוווּסט, ווו זיכ אַהינטאָנ, אַרומגעבלאָנקעט צווישנ די הינטערגעסלעכ אונ שוינ הײַנט ניט געקומענ אַהיימ נעכטיקנ. אינ הויפ איז אַרומגעגאַנגענ די מוטער זײַנע, געקלאַפּט מיט דער איינציקער מיליצע איבער די שטיינער אונ געקלאָגט:

— זיי האָבנ אימ שוינ אַוואַרע דערהאַרגעט, וואָס דענ, אז ער וויל נאָר ווערנ אַנ עלטסטער...

ערשט אינ עטלעכע טעג אַרומ איז אפּ באַלגאַרסקע אינעמ קינאָ „קאָליזיי“ פאָר־געקומענ די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פונ די אָדעסער גאַנאָווים. אפּ דער בינע איז, ווי אפּ אַלע פאַרזאַמלונגענ געשטאַנענ א ברייטער טיש, פאַרשפּרייט מיט רויטנ לײַוונט. א נידעריק געשפּיצלט פאַרשווינדל מיט א געל קאָמעצ־בערדל, אינ קורצע הויזנ אונ אינ מאָדנע אַמעריקאַנער שיכ מיט לאַנגע נעזער האָט אײַנגעשטילט דעמ עולמ:

— איכ רופ צו אָרדענונג!

די באַטאָגיקע שײַנ האָט זיכ ווי מיט גוואַלד אַרײַנגעריסנ אינ דעמ טונקעלעמ זאַל. פונ די נאַסע פאַרשוויצטע ווענט האָט געשמעקט מיט טוכלעקײַט. ס'ראָוו בענק זײַנענ געווענ צעבראָכנ אונ זיכ געהוידעט. דער „קאָליזיי“ איז א גאַנצנ ווינטער געווענ פאַרשפּאַרט אונ ניט געהייצט. די פאַרזאַמלטע זײַנענ געווענ אומצופרידנ. ס'האָבנ זיכ צומ פּרעזידיומ געטראָגנ פּראָטעסטנ:

— וואָס האָט איר אונדז פאַרטריבנ אינ אזא פוסטקע?

— אונדז שטייט אָנ דער דראַמאַטישעסקע אויכ.

מע האָט אימ באַלד דערקענט, דעמ רעדנער אפּ דער בינע.

— ער איז דאָ, לייבעלע קנייט, דער אַדוואָקאַט!

מע האָט זיכ וועגנ דעמ צווישנ די בענק אזוי געשושקעט, אז דער „אַדוואָקאַט“ האָט דערהערט ווי מע רעדט פונ אימ, האָט ער אַראָפּגענומענ דעמ „קאַטעלאָק“, א רעגע געשטאַנענ מיטנ פליכעוואַטנ גלאַנציקנ קאָפּ אונ נאָכדעמ זיכ פאַרנויגט פאַרנ עולמ:

— דאָס בינ איכ טאַקע אײַער אַדוואָקאַט. מער אָבער וועל איכ אײַכ שוינ ניט שרײַבנ קיינ פּראָשעניעס אינ געריכט. אַמבאַ. הײַנט וויל איכ פונ אײַכ נאָר איינ זאַכ, ס'זאָל זײַנ שטיל!

מע האָט אימ געפאָלגט. דער אַדוואָקאַט האָט גערעדט לאַנג אונ אַלצ וועגנ דער רעוואָליוציע אונ וועגנ דעמ, אז אויכ די אָדעסער גאַנאָווימ דאַרפנ זײַנ אָרגאַני־זירט אונ אַרויסשטעלנ זייערע פאָדערונגענ.

אינ מיטנ דער רעדע האָט ער דערפילט, ווי די פוילע קעלט, וואָס יאָגט אפ דער בינע פונ אלע ווינקלענ דערקוטשעט שוינ גאָר שטארק זײַנ פליכעוואטנ קאָפּ, האָט ער צוריק אָנגעטאָנ דעמ קאָטעלאָק, אָפּגעטרונקענ פונ גלאָז וואסער, ווי אלע גרויסע רעדנער טוענ עס, לעצטנס, אפּ אלע מיטינגענ אונ פאטעטיש פאָרגעזעצט:

— צו אײַך, קאָלעגנ, מײַנ טרײַע קליענטור, ווענדע איך זיך אונ רופ אײַך: באגייט זיך אָנשטענדיק מיט די ברידער-ארבעטער!

אז דער אדוואָקאט האָט געענדיקט איז אפ דער בינע ארופ פאלטי דער „ברילנ־מאכער״, וואָס האָט א גאנצ יאָר פארפלייצט אָדעס מיט „ברילנ״ (פאלשע דאָקו־מענטנ), אונ וועלכנ דער מיליטעריש[ער] פעלד־געריכט האָט געהאט דאָ ניט לאנג פארמישפעט צו קאטאָרגע. ער איז געשטאנענ א הויכער, דארער דזשענטלמענ, מיטנ קליינעמ סטעק אינ דער האנט, זיך צוגערוקט צומ סאמע ראנד פונ דער בינע אונ ווי ניט גערנ געוואָרפנ איג זאל זײַנע דריבנע געציילטע ווערטער:

— איך האלט פאר מײַנ כויוו רעדנ ערלעכ אָנ קיינ שומ קונצנ. קיינ גאראנ־טיעס גיבנ מיר קיינעמ ניט. זאל די שטאָט וועגנ דעמ וויסנ. מיר טראָגנ ניט קיינ פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר די היימלאָזע, פראָוואָקאטאָרס, פאר די סימוליאנטנ. אונ פאר די קינסטלער, וואָס ארבעטנ אויס ליבע צו קונסט, זײַנען מיר אויכ ניט פאר־אנטוואָרטלעכ...

מער האָט דער דזשענטלמענ ניט געזאָגט, ער האָט א דריי געטונ מיטנ סטעק צווישנ די פינגער אונ איז אראָפּ פונ דער בינע, נאָר דער טונקלער זאל פונעמ „קאָ־ליוויי״ איז מיטאמאָל אופגעריסנ געוואָרנ פונ אפלאָדיסמענטנ. מע האָט געבראָכנ די צעהוידעטע בענק, געשפּרונגענ אפ זיי אונ געקלאפט מיט די פויסטנ אינ די ברעטער:

— בראוואָ! ביס!

אינ אלע ווינקלענ האָבנ זיך באוויזנ רעדנער. זיי האָבנ ניט געבעטנ קיינ וואָרט באמ פרעזידיומ. זיי זײַנענ ארופגעקראָכנ אפ די אָנגעוואלגערטע בענק, זיך גע־קלאפט מיט די פויסטנ אינ ברוסט אונ געשריענ:

— זאָל מענ אונדז אָנשטאָט א יאָר געבנ דרײַ יאָר טורמע, זאָל מענ אונדז צע־שיסנ, נאָר זאָל מענ זיך ניט איורעקעווענ איבער אונדז.

— איך אליינ בינ אנ אנארכיסט אונ איך מעלדע גאנצ אָדעס, מירנ נעמענ געקאָמע אונ שטארבנ ווי ערלעכע מענטשנ!

צווישנ דעמ דורכגאנג איז געשטאנענ א הײַפל אונ זיך אײַנגעהערט צו דעמ, וואָס האָט דערציילט א פרעמדער, א כערסאָנער:

— בא אונדז אינ כערסאָנ האָט עפעס אנ אָפיצער געפאָדערט 700 רובל, ער האָט געטײַנעט, אז אונדזערע האָבנ עס דאָס געלט בא אימ צוגעגאנוועט, האָבנ מיר געמוזט פארזעצנ די פידזשאקעס אונ אימ באצאָלנ צו דער קאָפּקע.

דער אנארכיסט איז שוינ ווידער געשטאנענ אפּ א באנק אונ זיך געהיצט:

— די לאגע איז א סאקאָנעדיקע!

אז די לײַדנשאפטנ האָבנ זיך צעברענט ביז גאָר איז אינ זאל ארײַנגעקומענ דער אלטער „סאָראָזשענטשיק״ פריידענבערג, דער קעניג פונ די אָדעסער קעשענע־גאנאָווימ. דער אלטער האָט געפירט פאר דער האנט א באָכער אינ א לאנגנ זעלנער־

שינעל, וואָס האָט זיך אים געפּלאָנטערט בא די פיס. דער באָכער איז געווען א בלינדער. ביידע אויגן זײַנען אים אויסגערונען. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט פאָרויס און מיט די שפּיץ פינגער באַטאַפּט די לופט.

מיטאמאָל האָט דער טומל אופגעהערט. מע האָט געמאַכט א וואַרע דעם אַלטן און ער איז לאַנגזאַם און באַטראַכט אַרופגעגאַנגען אף דער בינע, זיך אוועקגעשטעלט מיטן באָכער צום אוילעם און געמאָלדן:

— דאָס איז דער זון מײַנער, מיט וועלכן איך בין אָפּגעזעסן פיר יאָר אין דער אירקוטסקער טורמע, דאָרטן איז ער בלינד געוואָרן, איז ווו זאָלן מיר זיך איצט אהינטון, אז ער איז בלינד און איך בין אַלט, און אז אַלע גייען שוין איצט מיט פאַרנייטע קעשעניעס...

דער טומל, וועלכער איז אנשטילט געוואָרן אין זאַל, האָט אפּסנײַ אויסגעבראָכן אף דער בינע. מע איז אהער געלאָפן פון אַלע עקן, געשטופּט דעם אַלטן אין די הענט, אין די טאַשן געלט, עמעצער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל פונעם אַלטנס קאָפּ און געשווינד ארומגעטאַנצט איבער די בענק, זאַמלענדיק נעדאָוועס. ערגעץ האָט שוין עמעצער געוויינט אף א קאָל. ס'האָט לאַנג געדויערט ביז דעם אדוואָקאַט פון די מאָלדאַוואַנקער גאַנאָווים איז געלונגען אײַנצושטילן דעם אוילעם. ער איז שוין הייזעריק געוואָרן, רופנדיק צו אָרדענונג. אינדרויסן איז שוין געווען שטאַרק טונקל.

דער אדוואָקאַט האָט פאָרגעלייגט:

— לאָמיר אויסוויילן פינף דעלעגאַטן און זיי שיקן אין וואָראָנצאָווסקע.

* * *

דער לייט־אַרטיקל אין דער „אָדעסקאַיאַ פּאָטשטאַ" האָט הײַנט געהייסן „פאַרשטיין — הייסט מוחל זײַן". ס'האָט זיך אין אים געהאַנדלט וועגן דעם רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג אבראַם בליץ, וועמען מע האָט עפּנטלעך באַשולדיקט, אז ער האָט געדינט אין דער אָכראַנקע.

... ס'איז טאַקע עמעס, — האָט געשריבן די רעדאַקציע, — אז נאָך אין דער דריטער מעלוכישער דומע האָט דער דעפּוטאַט ניקאָלסקי גערעדט וועגן דער „אָדעסקאַיאַ פּאָטשטאַ", אַלס דער אָפיציאָז פונעם אָדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק.

... ס'איז טאַקע עמעס, אז די „פּאָטשטאַ" האָט אנומלטן דערפירט צו ליקווידירן דעם דרוקער־פאַריין.

... ס'איז טאַקע עמעס...

דעם זעלבן טאָג נאָך פאַרנאַכטלעך איז אפן באַלקאָן פון דעם „מאָסקווער האָטעל" אף דעריבאַסאָווסקע געשטאַנען אבראַם בליץ, א הויכער און א פרייליכער, אײַנגעקלאַמערט ביידע הענט אין דער פאַרענטשע פונעם באַלקאָן און, שאָקלענדיק זיך, גערעדט צום אוילעם, וואָס האָט זיך צונויפגעקליבן אין דרויסן:

— מיר טאָרן ניט פאַרגעסן די, וואָס האָבן נאָך פריִער מיט יאָרן געלייגט זייערע קעפּ פאַר דעם זיג פון דער רעוואָליוציע...

ער האָט געמאַכט א גרויסע אָנשטרענגונג איבער זיך אַליין און מיט געוואַלט אָפּגעריסן די אייגענע הענט פונעם באַלקאָן, און פאָכנדיק מיט די באַפרײַטע הענט, אַראָפּגעשריִען צום אוילעם:

— איכ בעט מיר ניט אָפּזאָגנ אונ נעמענ בא מיר טויזנט רובל פארנ פאָנד אפ אויסבויענ א דענקמאָל דעם לייטענאנט שמידט...

ער האָט צעשפיליעט דעם גרויענ פידזשאק, ארויסגענומענ פונ דער זײַטיקער קעשעניע א דיקנ אָנגעשטאָפּטנ פּאָרטמאָנע, לאנגזאם אימ צעעפנט אונ דערלאנגט די, וואָס זײַנענ לעבנ אימ געשטאנענ, א ווײַסנ טשעק. דער אָרקעסטער אפנ קעגנײבערדיקנ באלקאָנ האָט געשפילט די „מארסעליעזע" אונ דעמ ציאָניסטישנ הימנ. אונטנ האָט מענ געשריענ „הורא". אינ האָטעל איז ארײַנגעלאָפנ אנ אונטער־אָפיצער, ער איז ארופ אפנ באלקאָנ, אראָפּגעריסנ פונ דער ברוסט די מעדאלנ אונ זיי איבערגעגעבנ בליצנ, זיי האָבנ זיכ ארומגענומענ אונ צעקושט. דער אונטער־אָפיצער האָט זיכ איבערגעבויגנ איבער די פארענטשעס אונ מודיע געווענ:

— מײַנ פאמיליע איז גאָנטשאראָוו, —

Да будет вам известно!

בליצ האָט ארופגעלייגט די ברייטע דלאָניע אפנ הארצנ אונ זיכ געווענדעט צו גאָנטשאראָוונ:

— איר רעגט מײַנ נעשאָמע! איכ דערקלער אפ די דאָזיקע מעדאלנ אנ אוקציאָנ. איכ וועל זיי קיינעמ ניט צולאָזנ. איכ גיב פאר זיי פינפ טויזנט.

פונעמ באלקאָנ האָט דער אָרקעסטער שוינ ווידער געשפילט דעמ ציאָניסטישנ הימנ. בליצ האָט געפאָכעט מיט דער האנט צומ אוילעמ, געווישט דעמ פארשוויצטנ שטערנ, ער האָט ווידער ארויסגענומענ דעמ פּאָרטמאָנע אונ דערקלערט:

— איכ בינ מענאדעוו צוויי טויזנט רובל אינ פאָנד פונ די ציאָניסטנ!

באמ מאָסקווער האָטעל איז שוינ ווייניק ווער פארבליבנ. דער אוילעמ איז געלאָפנ צו דער פּרעאָבראזשענסקע. אינ מיטנ שליאכ האָט א באוואָפנטער פאטרול געפירט א יונגנ אויסגעמאטערטנ מענטשנ. די העמד איז אראָפּגעהאנגענ אפ די הויזנ. די האָר זײַנענ געווענ פארבלוטיקט אונ צונויפגעקלעפּט. די אויגנ האָבנ געקוקט פיד אונ דערשראָקנ, אפ דער ברוסט בא אימ איז געהאנגענ א קארטאָנ מיט אנ אויפשריפט:

я — вор!

קיינער האָט ניט געוווסט, ווו אונ ווענ האָט דער דאָזיקער דערשראָקענער מענטש געגאנוועט אונ וואָס האָט ער געגאנוועט. די סטרושנ פונעמ פאסאזש זײַנענ צו אימ געלאָפנ אונ מיט די שטעקנס פונ די בעזעמער איבערנ קאָפּ געשלאָגנ, עמעצער האָט אימ אינ פּאָנעמ געשפיגנ. דער פאטרול האָט קיינעמ ניט געשטערט.

מע האָט געצונדנ די נאכט־לאָמפּנ. פונעמ פאסאזש האָבנ זיכ געטראָגנ די אומדערמידלעכע קלאנגענ פונ דער „מארסעליעזע".

* * *

אפנ שיסער־פעלד איז פאָרגעקומענ א מיטינג פונ די ארבעטער פונעמ אנאט־רע־זאוואָד. א גאנצנ ווינטער איז דאָס פעלד בעווענ ארומגעצוימט מיט שטעכיק דראָט — דאָ פלעג מענ ווענ־ניט־ווענ אויספרווונ די טיילנ צו עראָפּלאנענ, וואָס

דער זאַוואָד האָט אויסגעאַרבעט. איצט זײַנען אפן פעלד, האַלב פאַרגראָבן אין דער ערד, געשטאַנען עטלעכע אעראָפּלאַנען מיט פאַרבויגענע פליגל. די אַרבעטער, וואָס זײַנען זיך אפן מיטינג צונויפגעקומען, האָבן מיט פאַרדראָס און מיט ווייטעק באַטראַכט די פאָלגן פון דער שעדיקערישער אַרבעט. מען האָט גערעדט:

— טאַקע, קעדײַ געווען אַזוי שווער אָפּקומען בא אַנאַטרען!

אַלע האָבן געוווּסט, אַז אַנאַטרע אַליין איז אַנטלאָפן אפ אַן אעראָפּלאַן קיין דײַטשלאַנד.

דעם מיטינג האָט צונויפגערופן די אַרבעטער־גרופּע פונעם קריגס־אינדוסטריעלן קאָמיטעט. די מענשעוויקעס אָבאַראָנצעס האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם קאָנפליקט, וואָס האָט אויסגעבראָכן אפן דאָזיקן זאַוואָד צווישן די אַרבעטער און דער דירעקציע און זיי האָבן זיך אָנגעשטאָלט ניט דערלאָזן צו קיין שטרײַק.

אפן פעלד האָט מען אוועקגעשטעלט אַ טיש מיט בענק. מע האָט אַהער געבראַכט דעם זאַוואָדישן אָרקעסטער, וואָס האָט שוין עטלעכע מאָל געשפּילט די „מאַרסעליעזע“. אַס, דער סעקרעטאַר פונעם קריגס־אינדוסטריעלן קאָמיטעט, איז הײַנט געווען דער הויפּט־רעדנער. ער איז געשטאַנען, אַ קליינינקער און אײַנגעשרומפּענער אפן בענקל און דאָך האָבן די אַרבעטער אים ניט אַרויסגעזען. מע האָט געשריִען:

— הייבט אים אויף, דעם רעדנער, לאָמיר אויך אים אָנקוקן!

אַס האָט אַרײַנגעשטופּט די פינגער צווישן האַלדז און דעם שטײַפן קאָלנער, וואָס האָט אים שטאַרק געריבן און געדרייט מיטן קאָפּ, ווי אַ קוקריע. ער האָט די גאַנצע צײַט צו טון געהאַט מיטן רויטן באַנד, וועלכן ער האָט שוין אַ כוידעש צײַט ניט אַרויסגענומען פון לאַץ און וועלכער האָט שוין איצט אויסגעזען גאָר אָפּגעבליאַקעוועט. ער האָט שטייענדיק אַזוי אפן בענקל אויסגעזען, ווי אַ קינד, וואָס מע האָט עס אָנגעטון אין לײַטישע מענער־קליידער, וועלכע עלטערע מענטשן האָבן אַרומגערינגלט, וואַרטנדיק ס׳זאָל עפּעס זאָגן אַ כאָכמע. ער האָט אַליין אויך געוואָלט זאָגן עפּעס אַזעלכס, וואָס זאָל גלײַך אַלעמען געפעלן און ער זאָל געווינען דעם אַלגעמיינעם צוטרוי. איז ווי ער האָט זיך ניט באַמיט דאָס מאָל צו באַפרײַען זיך אינערלעך פון דעם באַרג קענטעניש אין טיפּזיניקע אַפאָריזמען, מיט וועלכע זײַן קליין גופל איז געווען אָנגעשטאָפּט ביז גאָר, האָט די רעדע זײַנע צו די אַרבעטער זיך באַקומען האַמעטנע און שטאַרק פאַרנעפּלט.

— מיר וועלן בלײַבן טרײַ די פאַרבינדעטע,—האָט געטײַנעט דער קליינינקער אַס,—דאָס איז אַ קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו פאַר דער גאַנצער רוסלענדישער דעמאָקראַטיע. דער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט פאַראַטן דאָס פאָטערלאַנד אין דער שאָ פון שווערן ניסאָיען. דערמאָנט זיך, כאַווײרים, אין דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָליוציע, דערמאָנט זיך...

ער איז געווען ביז גאָר צעטומלט דער רעדנער, אַז די אַרבעטער האָבן אים איבערגעריסן:

— רעדט צו דער זאַך!

— ווער דאַרף .דײַן פילאָסאָפיע!

— באַריר בעסער דעם קאָנפליקט!

אסנ האָט פארביטנ ברייקעוויטש. אויכ ער, כאָטש ער האָט גערעדט פאָשעטער אונ צוגעננלעכער, האָט זיכ געדרייט די גאנצע צײַט ארומ אונ נעבנ אונ ניט באַרירט דעמ איקער. ברייקעוויטש האָט אפעלירט צומ פאטריאָטישנ געפיל פונ די ארבעטער אונ ניט אָפגעריסנ די אויגנ פונ דעמ רענצעלע, וואָס איז געלעגנ לעבנ אימ אפנ טיש. ער האָט דערציילט די ארבעטער וועגנ דעמ, אז דער קריגס־אינדוסטריעלער קאָמיטעט וועט שוינ כונ איצט אָנ זיכ רופנ פאָלקס־אינדוסטריעלער קאָמיטעט. ער האָט זיכ אָפגעשטעלט, ווי אָפגעוואַרט, אז די יעריִע, וואָס ער האָט געבראכט די ארבעטער, וועט ארויסרופנ הייסע אפלאָדיסמענטנ, דער אוילאָמ האָט אָבער געשוויגנ, עמעצער האָט זיכ אָפגערופנ בייז:

— איז וואָס די געדולע?

ברייקעוויטש האָט לאנגזאמ, ווי פאר קינדער אינ א שול, גענומענ צו דערקלערנ דעמ זינ פונ דער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומענ אפנ שילדל, וואָס הענגט אפ פושקינסקע 11:

— דאָס גאנצע פאָלק פאראייניקט זיכ ארומ דער הייליקער זאכ פונ באשיצנ זײַנ פרײַ פאָטערלאנד...

אויכ ברייקעוויטשנ האָט מענ איבערגעריסנ מיט צווישנרופנ:

— מיר ווייסנ וואָס פאר א פרײַהײַט איר מיינט, דאָס איז פרײַהײַט פונ עקספלואטאציע!

— נעענטער צו דער זאכ!

— לייענט בעסער איבער דאָס צעטל פונ אונדזערע פאָדערונגענ!

דער טומל האָט זיכ ביז גאָר פארשטארקט, ווענ ס'האָט גענומענ א וואָרט אבראמ בליצ, וועלכנ די דירעקציע פונעמ זאוואָד האָט אײַנגעשלאָסנ אינ דער ארביטראזש־קאָמיסיע, אלס פאָרשטייער פונ דער „אָדעסער געזעלשאפטלעכקײַט". אויכ בא בליצנ אינ לאצ האָט געשטעקט א רויטער באנד. ער האָט געהאלטנ אינ די הענט דעמ פשאָרע־פראָיעקט, וואָס די דירעקציע האָט אויסגעארבעט, נאָר נישט געקאָנט אימ דורכלייענעג. די אופרעגונג פונ די ארבעטער איז געווענ א גרויסע:

— וואָס טוט אָט דער טיפ דאָ צווישנ אונדז!

— ער איז נאָכ אפ דער פרײַ?

— נידער מיטנ פראָוואָקאטאָר!

די לײַט פונ דער ארביטראזש־קאָמיסיע האָבנ געפרווט בארויִקנ די ארבעטער:

— מיר רופנ אײַכ צו אָרדענונג!

— ביז ס'וועט ניט אופגעשטעלט ווערנ די אָרדענונג וועלנ מיר ניט פאָרזעצנ די פארזאמלונג!

די ארבעטער פונעמ זאוואָד אנאטרא האָבנ אליינ אײַנגעשטעלט די אָרדענונג אונ איינמוטיק באשלאָסנ:

— אָפווארפנ דעמ פראָיעקט פונ דער ארביטראזש־קאָמיסיע, דערקלערנ אפנ זאוואָד א שטרײַק.

דעמ זעלבנ אפדערנאכט איז בא ראבינענ אינ קאפע פאָרגעקומענ דער אָרדנטלעכער אוקציאָנ. דער אוילעמ, וואָס האָט זיכ צונויפגעקליבנ אינ דרויסנ האָט אָפגעשטופט די שווייצארנ אונ זיכ דורכגעריסנ אינ קאפע, מע האָט צעפראלט די טירנ

און געשלעפּט די טישלעך אין דרויסן. געוויינלעך עפֿנט זיך די קאַפֿע די „זומער־דיקע טעראַסע“ דעם ערשטן מײַ. דאָס מאָל האָט דער אוילעם אַרויסגעשטעלט די מאַרמאָרנע טישלעך און די געפֿלאָכטענע שטולן ווײַט אויסער דער טעראַסע. דעם אוקציאָן האָט מען אַריבערגעטראָגן אין דרויסן. פֿון דער קאַפֿע האָבן אַרויסגעקוקט פּרויען אין הוטן—„קאַנאַרייקעס“ מיט גרויסע קאָלירנדע פֿעדערן. זיי האָבן צוגע־פֿליעסקעט דער געוואַגטקײַט פֿון זייערע קאַוואַליערן, וואָס האָבן זיך צווישן אוי־לעם דורכגעשטופּט און דעם אוקציאָן דערקלערט:

— ווידער פֿאַר אַסן!

בײַ אַ טישל איז געשטאַנען אַ מענטש אין אַ געלן זומער־מאַנטל, אופֿגעשטעלט דעם קאָלנער, דער האַלדז איז בײַ אים געווען פֿאַרבונדן. ער האָט געשוויצט און איז געווען שטאַרק הייזעריק. ער האָט געהאַלטן אַ זייגער און אים געשיקט איבער־געוואָרפֿן פֿון איין האַנט אין דער צווייטער. ער האָט געמאָלדן:

— ס׳פֿאַרקויפֿט זיך דער זייגער פֿונעם אומגעקומענעם פֿליִער, 15 רובל, ווער גיט מער?

אַ בראַווער גענעראַל האָט אופֿגעהויבן די האַנט:

— איך גיב 120!

מער קיין באַלאַנים אָפֿן זייגער איז ניט געווען. פֿון צווישן אוילעם האָט זיך דורכגעריסן אַ מעשונע קאָל:

— איך לייג פֿאָר מע זאָל טאַנצן אַ „האָפּאַק“. איך גיב 15.

— און איך 50,—אָפּן געפֿלאָכטענעם שטרויענעם שטול האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, אַ הויכער און גראָוולעכער, אַראָפּגענומען דעם קאָטעלאָק און זיך פֿאַרנויגט פֿאַרן פּובליקום. מע האָט אים טייקעף דערקענט:

— דאָקטער קאַנער!

מע זאָגט, ער איז רײַך געוואָרן אָפּ דעם היילן ווענערישע קרענק. ער זיצט אָפּ בײַ ראַבינען אין קאַפֿע גאַנצענע נעכט און טרינקט קאַווע מיט ליקיאָר. קאַנער האָט געזשמורעט די קליינע, פֿאַרלאָפֿענע, שיקערע אייגעלעך, געפּאָכעט מיטן קאָטעלאָק און אײַנגעלאַדן אַלעמען צום האָפּאַק. מע האָט אָפּגיך צערוקט די טישלעך. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווילדער האָפּאַק, די דאַמען מיט די פֿעדער־הוטן זײַנען אַרויס פֿון קאַפֿע און זיך געלאָזט אין קאָן. מע האָט געטאַנצט און געשריִען:

— דעם פֿאָלקס־ראָקטער קאַנער הורא!

אינדערלופֿט איז געשטאַנען אַ געדיכטער שטויב. פֿון נאָענטן יאַם האָט זיך איבער דער יעקאַטערינינסקע געטראָגן אַ קאַלטער עסיקער ווינט. מידע פֿונעם האָ־פּאַק האָבן זיך די קאַפֿע־לײַט אַרײַנגעוואַלגערט אין די ברייטע שטולן. אָפּ אַ טישל איז אַרופֿ אַן אָפֿיצער און דערקלערט:

— איך בין מענאַדעוו מײַן אָרדען, —

Владимира с мечами!

מע האָט זיך געוווּנדערט און איבערגעכאַזוערט:

— טאַקע? с мечами?

דער פֿאָלקס־דאָקטער האָט געהייבן די האַנט:

— איך גיב 150, — און באַקומען דעם אָרדען.

נאָכדעם איז דער אוילעם פונ ראבינס קאפע געלאָפנ צום ראָג דעריבאסאָווסקע. אפנ ראָג איז געשטאנענ א יונקער אָנ עפּאָלעטנ, אָנ א היטל אונ מאַנאַטאָנ, ניט איבערײַסנדיק די שטים אפ א רעגע געמאָלדנ:

— בלויז פאר א רובל קאָנט איר א קוק טונ, ווי סע לאָדט זיכ אָנ א הארמאט...

די שטופעניש לעבנ יונקער איז געוואָרנ גרויס. אלע האָבנ געוואָלט זיכ צורירנ צום הארמאט. מע האָט געשפּאסט:

— גייט ניט צו נאָענט, דער הארמאט וועט נאָכ אויסשיסנ!

איבערנ שליאכ זײַנענ ארומגעלאָפנ יינגלעכ אונ געשריִענ:

— א זײַדענע רויטע לענטע פאר 15 קאָפּיקעס!

אינדערפרי האָבנ זיכ אינ גאנצנ שטאָט פארמאכט די שוכ־קלייטנ פונ „סקאָראָכאָד“.

ס'האָבנ ניט געסטײַעט קיינ שיכ.

אונ טייקעפ איז ווי א בליצ דורכגעלאָפנ איבערנ שטאָט א צווייטע נאָכ מער פײַנלעכע ידיִע:

— ניטאָ קיינ קעראָסינ!

אפ די טירנ פונ די הײַזער האָט מענ געקלעפּט קורצע מעלדונגענ:

— היט דאָס וואסער!

מע איז געלאָפנ צום פריוואָז אפנ מיטינג פונ די פורמאנס, וואָס האָבנ דערקלערט א שטרײַק. מע האָט זיכ געשטופט לעבנ די קײַלעכיקע אנאָנס־בודקעס אונ באם טונקלעם שײַנ פונ די נאכט־לאמטערנס, געלייענט דעמ אָקאָרשט אופגעקלעפטנ פרישנ אנאָנס:

— אינ פאל פונ האָנאָריי באנוצט זיכ נאָר מיט די פּילולנ „קיוראטינ“.

אפדערנאכט איז בא סיבירי׳אקאָוונ אינ טעאטער פאָרגעקומענ א לעקציע אפ דער טעמע:

די דעמאָנסטראציע פונ טרויער אונ טרויִמ פונ דער ייִדישער נעשאָמע.

נאָכ דער לעקציע איז ארויסגעטראָטנ מיט איר נײַעמ רעפּערטואר איזא ברענער, וועלכע מע האָט פאָרגעשטעלט דעמ אוילעמ אויכ אפ א נײַעמ אופנ:

— די פאָלקס־זינגערנ איזא ברענער!

זי האָט געזונגענ די „מארסעליעזע“ אינ פראנצויזיש, אונ געהאט א געוואלדיקנ דערפאָלג.

נאָכדעם איז ארויסגעטראָטנ דער „פאָלקס־הומאָריסט“ מאקסימ סלאדקי אונ גע־מאָלדנ, אז ער וועט הײַנט — לעקאָוועד דעמ גרויסנ יאָנטעוו פונ פרײַהײַט, וואָס מיר אלע לעבנ שטארק איבער, דורכלייענענ דאפקע א טראגישנ געדיכט.

ער האָט פונ געוווינהײַט צונויפגעלייגט די הענט אפנ בויכ, טייקעפ זיכ געכאפּט אונ פארלייגט זיי אפנ רוקנ אונ מיט א טראגישער שטימ גענומענ דעקלאמירנ:

„Весь полон изумленья
Воспрянувший еврей
Откуда возрожденье?
Откуда вновь Моисей?“

שפּעט באנאכט, ווענ אָדעס, א מידע פונ דער מארסעליעזע, פונ די אוקציאָנענ, א צעטומלטע פונ די אנשלאגנ וועגנ דער פרײַהײַטס־האלוואָע, וועגנ פאָלקס־זינגער אונ פאָלקס־אוניווערסיטעטנ, האָט קלוימערשט גערוט, האָט איבערנ קוליקאָווער פעלד געשפּאנט די ערשטע מאַרשעווע ראָטע אפנ פראָנט. אפ די יונקערס אונ אָפיצערנ זײַנענ די עפּאָלעטנ געווענ פארנייט. אינ די לאצנ פונ די שינעלנ זײַנענ געווענ פארשטעקט רויטע לענטעס. די ראָטע האָט געשפּאנט פויל אונ ניט גערנ.

יאָסעפ רובינשטיינ

# טעאטער-פלאצ אינ ווארשע

עס שלאָפט די אָפּערע. אינ טונקעלע קוליסנ
גריושענ מײַז דעמ אלטנ רעקוויזיט.
נאָר אפנ פלאצ אָט דאָ וו יעדער שטיינ איז מיר,
וו יעדער שטיינ איז גלײַכגילטיק אונ קאלט ווי דער געוויסנ,
וועט זײַנ א שפּיל,
א באלא־שפיל,
אָנ פרייד־מוזיק, אָנ לוסטיקע ארטיסטנ.

ווענ ס'וועט די הייזעריקע שטימ פונ נויט
א ריס טאָנ זיכ פונ שווײַגנדיקנ לויער
אונ דרייסט א קלאפ טאָנ אינ דעמ שווערנ ראָטהויז־טויער:
— מיר ווילנ ברויט!

אזוי וועט זײַנ. אינ אָוונט וועט מענ שפּילנ „קארמענ"
אונ פרייער וועט אופשוימענ צומ לעצטנ מאָל אפ ביס.
נאָר מאָרגנ פרי, וועט הונגעריקער ליארמ
די אלטע וועלט א שטויס טאָנ פונ די פיס.

דאָס ווייסט אונ ציילט דער ראָטהויז־זייגער שאָענ:
פרעזידענט־נאכט אונ טאָג פונ ערשטנ מײַ.
ביז ס'וועט א פולעמיאָט אינ א פארנאכט א בלויענ
אינ הייסנ לײַב זיכ אײַנבײַסנ מיט קוילנ־ציינ פונ בלײַ.

די אלטע וועלט רוקט ביסלעכווײַז זיכ אָפּ צו די קוליסנ
אונ אָפּגעשפּילטע העלדנ טראָגנ אָפּ דעמ רעקוויזיט—
נאָר אפנ פלאצ אָט דאָ וו יעדער שטיינ איז מיר,
וו יעדער שטיינ איז גלײַכגילטיק אונ קאלט ווי דער געוויסנ,

וועט זײַנ א שפּיל,
א בלוטיק שפּיל,

אָנ פרייד־מוזיק, אָנ לוסטיקע ארטיסטנ,
ווענ ס'וועט מיט הייזעריקנ האלדז
א ריס טאָנ זיכ די שטימ פונ שווײַגנדיקנ דויער
אונ דרייסט א קלאפ טאָנ אינ דעמ שווערנ ראָטהויז־טויער:
— מיר ווילנ אלצ!

* * *

דערזעלבער הימל, דערזעלבער ווונק פונ שטערנ,
דערזעלבער אומעט פונ אנ אופגעשניטנ פעלד.
איכ הויב זיכ אופ, כ'וויש אָפ די לעצטע טרערנ,
דער וועג איז פרײַ אונ ווונדערלעכ צעהעלט.

נאָכ יאָגט מיר נאָכ דער טעמפער קנאל פונ קוילנ.
נאָכ הילכט דורכ מיר דער סרייפע־קראַכ פונ ווענט
דורכ יעדנ גרענעצ פונ מײַנ היימ אינ פוילנ,
דורכ אלע טעג אונ נעכט פונ פײַנ אונ גרוילנ
גייט אופ מײַנ וועג מיט ווונדער־ליכט צעבלענדט.

נאָכ זינגסטו אלצ אינ מײַנע בלוטנ, ווארשע!
נאָכ הילכט אינ מײַנע טריט דײַנ אומרו אונ דײַנ שרעק
נאָר כ'האָב דעמ צאָרנ פונ דײַנ הינטער־גאס געיארשנט
אונ מיט דעמ קלאנג פונ נײַע שטאָלצע מארשנ
איכ טראָג עס אינ מײַנ וועג מיט שטאָלצנ טראָט אוועק.

איכ הויב זיכ אופ, כ'וויש אָפ די לעצטע טרערנ,
דער וועג איז פרײַ אונ ווונדערלעכ צעהעלט.
אונ איבער מיר גליט רויט א נײַער שטערנ
איכ זעגנ דיר מײַנ אלטע וועלט!

ביאלעסטאָק.

---

לייב מאָרגנטוי

# לידער

## בארעלעך ווילן ניט פאלן...

„ציפ, ציפ, בארעלעך,
בארעלעך ווילן נישט פאלן“.
פאָלקס-מאָטיו

בארעלעך ווילן נישט פאלן,
ס'ווילן קיין ווינטן נישט בלאָזן,
קען מען נישט בארעלעך קלײַבן
אין זוניקע, זאפטיקע גראָזן.

און בארעלעך לאכן אפ צווײַגן,
מיט רויטלעכן גאָלד פון מאראנצן;
לאכן... און ווילן נישט פאלן...
און אויגעלעך דאָרשטיקע גלאנצן.

קליינ זײַנען קינדער... און בוימער
זיך ציִען אין זוניקע הייכן...
ווילן נישט בארעלעך פאלן,
קען זיי דאָס אויג בלויז דערגרייכן...

בארעלעך ווילן נישט פאלן,
בארעלעך מוז מען דערלאנגען!
האָלצ לאָמיר, קינדערלעך, קריגן,
טשוועקעס און האמערס און צוואנגען.

שטאפל נאָך שטאפל א לייטער
וועלן מיר בויען און שטעלן!
וועלן מיר בארעלעך רײַסן,
וויפל אונדז וועט דאן געפעלן...

וועלן מיר בארעלעך טרייסלען
מיט סימכע און זאפטיקע גראָזן,
וועלן מיר בארעלעך עסן
און אויכעט פאר אנדערע לאָזן!

# געלע בלעטער...

געלע בלעטער, געלע בלעטער,
בא מײַנ פענצטער, בא מײַנ טיר.
געלע בלעטער, ווי מײַנ פעטער
אנשל זעליק דער באנקיר...

(נישט קײנ מיליאָנער כאָלילע,
איז מײַנ פעטער אפ דער וועלט...
א באנקיר הײסט ער בימכילע,
ווײַל מײַנ פעטער באנקעס שטעלט...)

געלע בלעטער, געלע גרעזער,
ערד אונ הימל—געלער פלאם.
געלע גרעזער, ווי כינעזער,
פונ דעם סאמע געלנ שטאם.

געלע בלעטער, בלעטער געלע,
מיט דערפארונג רײַכ. אונ קלוג,
ווי דאָס פערד באם פעטער עליע,
ווי זײַנ אלטער, געלער קרוג...

בלעטער פונ דער הארבסט־מעדינע,
ווי מײַנ שאָכנס געלע צײנ,
ווי מײַנ באָבעס געלע טכינע...
ווי איר פארמעט־הויט אלײנ...

הער איכ שעפטשענ בלעטער געלע:
—ס'לעבנ רוקט זיכ שנעל אוועק...
נאָר, ווי זאָגט מײַנ פעטער עליע:
—כאפ דאָס לעבנ פארנ עק!...

פינסק.

ראָכל בראָכעס

# אָפּפּאָר

עס איז א כוישעכדיקער שפעטיקער הארבסט־אָונט אינ א קליינ פּאָליעסער שטעטל. נאָר דרויסנ, ניט קוקנדיק אפ דער טיפער בלאָטע פונ אונטנ אונ אפ די געדיכטע רעגנ־טראָפּנ פונ אויבנ, — איז אופגעלעבט... אזעלכע צוויי, ווי מענ זאָגט, עקסטרא פאסירונגענ אינ דעם קליינ שטעטל!

דאָס ערשטע — זעט זיך גלײַך ארויס פונ די העל־באלויכטענע נידעריקע פענצטער. דאָרטנ איז א בארמינענ. מיט עטלעכע שאָ צוריק פאר האוודאָלע (הײַנט איז שאבעס צו נאכט) איז די באלעבאָסטע — ביילע בונימס אויסגעגאנגענ. דאָס איז א שפּאס־ווערטעלע, אז א מאמע פונ פיר קליינע קינדערלעך נעמט אונ שטארבט אוועק... דאָס אליינ איז שוינ גענוג, איז עס נאָך א צוגאָב — בא וועלכע אומשטענדנ. גראָד הײַנט באנאכט — אונ שטעטל ווייסט דאָס גוט — האָט באדארפט בונימ אוועקפאָרנ אינ אמעריקע מיט די איבעריקע, וועלכע האָבנ זיך שוינ אויסגעקליבנ אונ וועלנ טאקע באלד אוועקפאָרנ...

איטלעכער האָט געהאט אינ שטעטל א גאנצע וואָך וואָס צו ריידנ. עס איז א שפּאס־ווערטעלע, — אז א מאנ, א טאטע פונ קינדער, דער קאָפּ פונ דער פאמיליע, — לאָזט אלץ איבער אונ לאָזט זיך איבער דער וועלט. דאָס אגמעסנפעש, דאָס הארצ־צעבראָכנקײַט, וואָס די פאמיליע לעבט דורכ. — דער אלטער מענאכעמ־מאָטיס, א ייִד א לערנער, האָט דעמ דאָזיקנ צאר אינ זײַנ אייגענעמ נעפעש אײַנגעזויגנ. האָט עמעצער געהאלטנ בא אוועקפאָרנ פונ שטעטל, — אונ דערמיט האָט זיך דאָס קליינ פּאָליעסער שטעטל געהאט וואָס איבערצונעמענ. פיל, פיל זײַנענ פונ איר בלאָטיקנ באָדנ אויסגעוואנדערט ווײַט איבערנ יאמ, אינ די ווײַטע נײַע וועלטנ, ווו פאר שווערע מי אונ שווייס ווערט ווי עס איז דער מאָגנ פול. — אונ דער אלטער מענאכעמ־מאָטיס האָט דעמ גרויסנ צאר ווי א שוואָמ זײַנ לעבנ לאנג אינ זיך אײַנגעזאפּט אונ ווי אפ זײַנע אײַנגעבויגענע פּלייצעס איבערגעטראָגנ...

די, וועלכע האָבנ געדארפט איצט אוועקפאָרנ, זײַנענ געווענ זאלבעפערט: קאלמענ האָראָדער, אײַזיק דער שנײַדער, ראשע דער אלמאָנעס מיידל, אונ בונימ ביילעס, — ער איז דאָס געווענ דער גאנצער קאָפּ פונ דעמ אוועקפאָר. אײַזיק דער שנײַדער, נאָך גאָר א יונגער מאנ, האָט נאָר איינ קינד איבערגעלאָזנ אונ די ווײַב אפ דער צײַט, — איז געווענ רויִק, אײַנגעגלויבט אונ פארלאָזנ אפ זײַנע צענ פינגער, וועלכע, ער האָט געהאָפּט, וועלנ אים אומעטומ זײַנ ברויט פארדינענ. דער אלמאָנעס מיידל איז געווענ—גלאט א מיידל, א באסיעכידע בא איר מאמענ, אפילע

פארצערטלט, אָבער איר מאמע האָט זיך דורכגעשריבן מיט קרובים און זיי נעמען זי איצט אהין. איר איז אפילע שווער צעשיידן זיך מיט איר איינציק קינד, אָבער דער טאכלעס איז דאָך כאָרט, אז זי זאָל ניט זיצן אונטער דער מאמעס פליגל.

קאלמען האָראָדער אין בונים ביילעס זיינען געווען צייטנוויי שותפים, האָבן צייטנוויי שותפעסווייז צוגעהאנדלט און זיינען ביידע געווען פארוויסט און פארערעמט. דאָס פאָרן אין אמעריקע איז ניט אזוי גרינג אָנגעקומען. נאָר אז דער צאָפּמאך איז שוין פארטיק געווען און אלץ איינגעאָרדנט, און אלץ אָפּגעמאכט, — האָט זיך דאָס גרויסע אומגליק בא בונים ביילעס געטראָפן... ביילע בונימס, אלעמאָל א שוואכע אין געזונט, האָט עס, קענטיק, ניט אויסגעהאלטן, האָט אָפּגעקרענקט זיבן טעג נאָך דעם, ווי מע האָט אלץ צום וועג שוין פארטיק געמאכט, און איז געשטאָרבן.

דער סויט האָט אלעמאָל, אין אלע צייטן זיינע אכזאָריעס, און אומעטום איז ער אומגעלומפערט. נאָר דאָ איז ער שוין צו האמעטנע. אז בונים איז שוין געווען מיט אלץ איינגעאָרדנט, איינגעפּאקט, — אָט די בויך האָט באדארפט אָט־אָט שוין צופאָרן, האָט זיך פלוצלינג אזא אומגליק געטראָפן. גאנץ שטעטל איז געווען אויסער זיך דערפון, האָט דעם גאנצן שאבעס פון קיין אנדער זאך געוווּסט און פון קיין אנדער זאך גערעדט. נאָר די גרעסטע אופרודערונג האָט עס געמאכט אף קאלמען האָראָדערס ווייב — מייטע — א ווייבל, וואָס איז געווען די גאנצע אופטוערקע פון אוועקפאָר. זי האָט אלע כאווירים־צוזאמענפאָרער צונויפגעבונדן, זי איז אומגעלאָפן טיר איין, טיר אויס, ביז זי האָט פאר אלעמען פון אומעטום דאָס געלט צום פאָרן, ווו מען האָט געקאָנט, צוזאמענגענומען... און איצטער, צייט די לעצטע וואָך, צייט ביילע בונימס האָט זיך אוועקגעלייגט, איז מיט איר געוואָרן אזוינס, וואָס זי האָט אליין ניט געוווּסט וואָס.

א מאָדנער אומרו איז אף איר אָנגעפאלן, און זי האָט שוין כאראָטע געקריגן אף דאָס גאנצע אופטאָן מיטן פאָרן, א וואָך צייט, אז איר שטוב האָט זיך פארוואנדלט ווער ווייס אין וואָס, עס איז ניט געקאָכט געווען; פיר קליינע קינדער ניט צוגעזען; געפּאקט האָט זי זיך אין וועג און קעסיידער איבערגעפּאקט; זי האָט זיך אלץ מיטן מאן געקריגט און געוויינט, און געכאלעשט. וואָס איז?—זי האָט כאראָטע געקריגן...

זי האָט איצט, די לעצטע מינוט, געוואָלט, ער זאָל ניט פאָרן. עס האָט זיך איר געדאכט: פאָרט ער איצטער אוועק, גייט ער נאָר ארויס פון שטוב,—איז אן עק וועלט... צוריק וועט זי שוין אים ניט זען... גראָד איצטער האָט זי עס באנומען, אז דעם מענטשנס לעבן איז א רעגע, און ער ווייס ניט היינט, וואָס מאָרגן וועט זיין, און אז ער זוכט און ווייס ניט, וואָס ער זוכט.—א יידענע, אן איינפאך קליינשטעטלדיק ווייבל—און מיטאמאָל איז איר וואָס צוגעקומען...—מענטשן!—האָט זי געזאָגט—איך בין פון זינען געווירט. מאכט מיר קלאָר... העלפט מיט!—האָט זי זיך אין גרעסטער פארצווייפלונג געבעטן, בא שכיינים און בא גוטע פריינט,—מיין קאָפּ באנעמט עס ניט...

און גוטע פריינט האָבן זיך באמיט זי בארויקן און ארופירן אירע געדאנקען אפן ריכטיקן וועג:—אָט, ער וועט אוועקפאָרן, וועט זיך דאָרט צו וואָס צושלאָגן, וועט שרייבן די גוטע בריוולעך, וועט שיקן אהיים די גוטע געלט. זי וועט זיך דאָ

מיט די קינדער ארומזען, ער—דאָרטן. ער וועט זיך דאָרט אויסהעלפן, וועט נאָך איר שיקן, זי וועט קומען צו אים מיט די קינדער.—ווי דער סיידער איז, ווי עס פירט זיך.

אָבער א ייִדענע,—עס האָט איר ניט גענומען, איינ טײַנע:—זי וועט אים צוריק מער ניט זען. פאָרט ער אוועק, איז—אויס... אָט, אָט... שטייט דער שאָטן און וואַרט אף דער מינוט, וואָס ער קאָן זיי צעשיידן.

— און געדענק,—האָט זי געזאָגט,—קאַלמען, מיך וועסטו שוין מער ניט זען... אַט אזוי ווי ביילע בונימס ליגט איצטער אף דער ערד, און מען באוויינט זי, וועט מען מיך באוויינען—אינגיכן, גאָר אינגיכן, דאָס הארץ זאָגט מיר אזוי...

און קאַלמען הארָאָדער האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן... אַלעמאָל האָט בא אים מייטע א גרויסע דייע, — איז בא אים געווען רעכט ניט פאָרן. איז אויס פאָרן. האָבן אָבער זײַטיקע בעשטומויפן ניט דערלאָזן צו אזא ייִנגלשאפט. סטײַטש, ווי איז דאָס ניט פאָרן! אז עס איז שוין אזוי אָפגעמאכט, אז מען האָט שוין דעם אגענט קימאט דאָס גאנצע געלט אָפגעגעבן. אז עס איז שוין אפ באשטימט אָפגעמאכט הײַנט פארטאָג ארויספאָרן דאָרטן מיט דער אײַזנבאַן, דערנאָך מיט דעם שיף, די שיף וועט דאָך ניט וואַרטן. אײַ וואָס, בונים ביילעס... נו, איז דאָך אזא אומגליק, אזא פאַל. ווי וועט זײַן מיט זײַן געלט וואָס עס איז דאָרטן בא דעם אגענט,—איז קאָן מען דאָך ניט העלפן, דאָס וועט מען שוין שפּעטער זען. בונים ביילעס וועט שוין איצטער מיסטאָמע ניט פאָרן — ער איז דאָך איצטער געבליבן מיט פיר קליינע יעסוימים אפן האנט.

— עס איז גרינג צו זאָגן אף יענעם, און וואָס בין איך?—האָט זיך מייטע קאַלמענס אָנגעכאפּט...—און בעסער איז ביילע בונימס, וואָס זי האָט די לעצטע מינוט פון זײַן אוועקפאָר ניט דערלעבט. און האַלעווײַ וואָלט זי אויך מיט א וואָך צוריק איב בעט געבליבן ליגן, און וואָלט די לעצטע שאָ פון איר מאנס אוועקפאָר ניט דערלעבט...

און גייט טײַנעט מיט איר, אז א ייִדענע שפּארט זיך אײַן, איז זי אײַנגעשפּארט ווי א נאריש קינד, און דער אוילעם שאָקלט מיטן קאָפּ און קוועטשט מיט די פּלייצעס.

עס איז גרינג צו זאָגן אף יענעם, אָבער קאַלמען האָראָדער, א יונגער מאן נאָך פאר פערציק יאָר, שטייט איצט מיט אן אראָפּגעבויגענעם קאָפּ, קנאקט די פינגער, און ווייס ניט וואָס זאָל ער טאָן.

קימאט האַלב שטעטל געפינט זיך אינ זײַן שטוב. די אנדערע העלפט שטעטל האָט זיך איצט אײַנגעפונען דאָרט ‸קעגניבער, ווו דער בארמינען ליגט. און אַלע רענע בײַטן זיך די פּנעמער; אָט נאָרוואָס זײַנען דאָרטן וועלכע געשטאנען און האָבן די נעזער געשנײַצט, — שטייען איצט דאָ און שנײַצן די נעזער. אייגנטלעך, איז דאָ און דאָרטן איינ און דאָס זעלבע בילד: — דאָרט די מאמע, און דאָ — דער טאטע. ווער ווייס, ווו דער יאָסעם איז? און מען צעבײַט די נעמען...—נעבעך, זאָגט מען, אזא יונגע די מייטע קאַלמענס... זי האָט פון צאר ניט אויסגעהאלטן און איז געשטאָרבן... און צו מייטען זאָגט מען: — ביילע, ביילע, שטארקט זיך, אײַער בונים וועט אוועקפאָרן, וועט אײַך די גוטע בריוולעך שיקן און וועט דערנאָך צו אײַך אינגיכן קומען... און מייטע קאַלמענס זאָגט, אז עס מאכט איר ניט אויס, עס איז איר בעסער צו שטארבן, עס איז איר בעסער דער בעסוילעם דאָ, א היימיקער.

ארומגעוואקסענער מיט ביימער, ווו עלטערנ רוענ, איידער ווער ווייס ווו דער יאַם פאַרטראָגט... זי וויל אהינ ניט, זי וויל פונ דאָרט גאָרנישט, זי וויל דעמ מאנ אהינ ניט לאָזנ...

אָט אביסל א מעשוגאעס... נאָר אינדערשטיל גיט מענ איר גערעכט. וואָרומ מענ זאָל זיכ דערמאָנענ... מענ זאָל אויסרעכענענ, עס איז... במשער עס איז... אונ מענ סוידעט זיכ אינדערשטיל, אונ מענ ווישט זיכ די נעזער.

אונ די הויפט־זאכ, אונ די מינוט־זאכ איז דאָס, — די אוועקפאָרער ברעכנ זיכ דעמ מויעכ מיט דאָס הארצ איניינעמ: אָט־אָט פאָרט באלד צו די פור, אָט־אָט שלאָגט דער זייגער. — אונ זיי ווייסנ ניט אונ שלאָגנ זיכ מיט דער דייע: גייג אהינ זעגענענ זיכ מיט בונימענ, אָדער ניט. ניט גייג, ווענ דאָס גאנצע שטעטל לויפט אהינ, ווענ... עס איז דאָכ מיסע אָפּגעגאנוועט זיכ שטילערהייט פונ אימ, אוועקגעלאָפנ, ווי מענ זאָגט, צו דעמ גליק אונ אימ דאָ געלאָזנ אנ אומגליקלעכנ, אנ עלנטנ בא דעמ מעס... אָבער אריינגיינ איצט אהינ, ווענ דער מעס ליגט אפ דער ערד, אונ זעגענענ זיכ מיט אימ, ווינטשעווענ אימ א גליקלעכנ דאָ זיינ... — דאָס איז אזוי־האמעכנע אומגעלומפערט, אז מענטשנ ווייסנ דאָ ניט ווי אייצעס געבנ. עס זיינענ דאָ אזעלכע, וואָס זאָגנ, אז דאָס פאָרנ מוז אינגאנצנ אָפּגעלייגט ווערנ, ווייל דער אנהויב איז שוינ ניט קיינ גוטער, עס הויבט זיכ אָנ, ניט דאָ געדאכט, מיט א מעס... אונ פארקערט, אנדערע זאָגנ, אז דאָס פאָרנ מוז גראָד זיינ, ווייל ווער ווייס, איטלעכע זאכ האָט איר מאזל אונ איר צייט.

מייטע קאלמענס כאפט זיכ אָנ פאר דער ערשטער אייצע... זי זעט, זי פילט, אז דאָס פאָרנ איז א שלימאזלדיקער, אונ עס מוז אינגאנצנ אָפּגעלייגט ווערנ. אייזיק דעמ שניידערס ווייב וויינט אונ זאָגט, אז דאָס פאָרנ זאָל אָפּגעלייגט ווערנ, סאָ ווי וועלנ זיי איצט לעבנ? עס איז דאָכ אלצ שוינ פונ שטוב פארקויפט געוואָרנ. די ניי־מאשינ שטייט שוינ בא יידל דעמ שניידער.

אונ די אלמאָנע וויינט אויכ. א קליינינקיט, א קינד, א באסיעכידע בא א מאמענ, איינ אויג אינ קאָפּ, שוינ זעכצנ יאָר, צייט זי איז אנ אלמאָנע, אונ ביז זי האָט דאָס קינד אינ וועג פארטיק געמאכט, האָט זי זיכ איינ נאכט ניט אויסגעשלאָפנ, אז די סאראָקעס שטייענ אוף, שטייט זי אויכ אוף. ווייל ביזוואגענ זי האָט אופגעקליבנ דאָס געלט צומ וועג... אונ זי הויבט אָנ איר פארביטערט אלמאָנע־לידל, אונ אלע ווייסנ עס שוינ אונ העלפנ איר מיטוויינענ.

מייטע קאלמענס פיר קליינע קינדער שלאָפנ ניט, זיינענ אזוי ווי אפ א כאסענע. א יידענע א קרויווע האָט זיי שוינ דאָס צווייטע מאָל אָנגעגאָסנ טיי, אונ זיי טרינקענ, נעבעכ, אונ פארשטייענ גאָרניט, וואָס דאָ קומט פאָר.

א קלייג-שטעטלדיק קינד ווייס פונ כאסענעס, פונ יאָנטויווימ, אונ פונ לעווייע, אונ פונ אוועקפאָר. דאָס אלצ מישט זיכ אויס אינ זיינ קינדערישנ מויעכ אונ עס ווייס ניט, ווענ מענ מוז וויינענ אונ ווענ פרייענ זיכ. קאלמענ האָראָדעס פיר קליינע קינדערלעכ ווייסנ איצטער ניט, צי איז דאָ א סימכע, אָדער א צאר. עס זיינענ דאָ יאָנטויווימ, וואָס גרויסע וויינענ אונ קליינע פרייענ זיכ... ווער ווייס־דאַרטנ איבערנ גאס בא בונימ ביילעס איז איצטער אזא פרייד וואָס מענ וויינט, אָדער א צאר... די גרויסע וויינענ, די קליינע אָבער האָבנ דאָ פונ טאטנ בייגעלעכ,

ער האָט זיי דאָס גענעבן מיט די פוטער־קיכלעך, וואָס די מאמע האָט אים פארנ וועג אָנגעבאקט. איבערהויפט—פאָרנ איז א פרייד, טאָ וואָס ווײנט מענ?.. זי סוידענ זיך אינדערשטיל, נאָר א ייִדענע זאָגט זיי:

— אײַער טאטע פאָרט אוועק, אונ אײַך קימערט ניט.

מײטעס אופגעוואכטער אויער דערהערט עס, אונ זי גיט זיך צו זיי א לאָז מיט א נײַעם געוויינ:

— קינדערלעך!... אײַער טאטע פאָרט באלד אוועק! אָט, באלד פאָרט ער אוועק. מיר וועלנ אים שוינ מער ניט זענ... באלד וועט ער ארויס פונ טיר, אונ צוריק וועט ער שוינ מער ניט קומענ... אונדזער טאטע...

די קינדער הויבנ אָנ וויינענ. מענ נעמט ארום קאלטע האָראָדער—קרוויִים, גרטע פרײַנט, ווײַב אונ קינדער אונ מענ וויינט, אונ מענ קלאָגט. אונ ער מיינט, אז ער איז שוינ מיט אנ עמעס מער ניט זייערער, איז אפ יענער זײַט לעבנ, אונ עס איז אלצ אויס...

אונ מיטאמאָל... אָט, די פור... די בויד... עס פאָרט צו. עס שטעלט זיך אָפ. עס ווערט א כאפעניש, אנ אײַלעניש, א געזעגענונג. איטלעכער האָט נאָכ וואָס צו זאָגנ אונ נאָכ ניט דערזאָגט... דאָס סאמע וויכטיקסטע, דאָס סאמע נייטיקסטע איז ניט דערזאָגט, איז אפ דער מינוט פארגעסנ... א כאפעניש איבער די פעקלעך... עמעצער עפנט ברייט די טירנ... מענ טראָגט דאָס ליכט דרויסנ ארויס... בא עמיצנ קלאפנ די ציינ איינער אפנ אנדערנ. דעם שנײַדערס ווײַב איז ניט גוט געוואָרנ, אונ א ייִדענע שפריצט אפ איר וואסער, אונ א קינד האָט מענ אפ א ביסל ארופגעטראָטנ, אונ עס שרײַט, אונ העכער פונ אלעמענ שרײַט מייטע...

— ראטעוועט,—שרײַט זי,—איכ האלט ניט אויס... איכ קאָנ דאָס ניט אויסהאלטנ! אונ קאלמענ בעט זיך, שוינ אינ בויד זיצנדיק:

— מייטע, זײַ א מענטש... מייטע... שטארק זיך...

אונ די בויד רירט זיך.—ניאָ!—שרײַט אָנ דער באלעגאָלע, אונ די רעדער רירנ זיך. אונ די אלע ארויסגעשאָטענע אינ דרויסנ לאָזנ זיך נאָכגיינ וויינענדיק אונ קרעכצענדיק.

די בויד גיט זיך א דריי אינ דער זײַט אונ שטעלט זיך אָפ—אָנ בא דעם הײַזל מיט די ליכטנדיקע פענצטערלעך אינ דרויסנ ארויס... אונ די פאָרער קריכנ פונ בויד ארויס אונ גייענ אינ אינווייניק ארײַנ. א קליינ הײַזל, איצטער איז דאָס אינ טומל אונ גערויש. איצטער ליגט דער מעס אינ מיטנ שטוב, ליכט ברענענ ארום אים, ווײַבער באוויינענ עס.

בונים ביילעס,—א פארצאָגטער, א פארעלטערטער—קוקט אָנ די ארײַנגעקרמענע, ווי ער דערקענט זיי ניט. אונ ווי מיט איינמאָל דערמאָנט ער זיך וואָס... זײַנ פּאָנעם הויבט זיך אָנ צו קנייטשנ... עס וויינט איטלעכער קנייטש... זיי זאָגנ וואָס די כאווירים וואָס זײַנענ שוינ קיינ כאווירים ניט... ער פארשטייט ניט. ער וויינט. זיי וויינענ. אלע אונ אלצ וויינט... נאָר הינטער דער טיר שטייט די בויד אונ וואַרט. עמעצער דערמאָנט זיך אונ גיט זיך אײַלנדיק א ריס... אונ די איבעריקע רײַסנ זיך אויכ ווי מיטאמאָל ארויס, אונ זאָגנ גאָרנישט, בונים זאָגט זיי אויכ גאָרנישט, נאָר ניט ווילנדיק הערט ער זיך ווי צו, ווי די בויד פאָרט פארבײַ זײַנ הײַזל.

ש. פערסאָוו

# זיב

(דערציילונג)

ווײַט פונ די רוישיקע גאסנ, פונ דעמ זײַט בייסוילעמ־פלויט, אפ א גרויסנ אונ פוסטנ פלאצ שטייט א דענקמאָל.

דער דענקמאָל:

אנ אוראלער גראניטנע הליבע, אנ אויסגעהאקטע פונ איינ שטיינ, ניט קיינ ארומגעטעסעוועטע, ווי א פעלדז, אפ דער הליבע—א טשוהונענער פאָסטאמענט, שוינ ניט קיינ אויסגעגאָסענער פונ איינ שטיק, נאָר פונ אלע פיר זײַטנ גייענ לענגויס די ווענט איינע נאָכ איינע אסאכ שמאָלע אונ פוסטע טשוהונענע ביקסנ־רערנ מיט צוגעשרויפטע טשוהונענע שפיזנ, אונ אפ דעמ אלצ שטייט אינעמ גאנצנ ווּקס א יונגער רויטארמייער. אינ איינ האנט האלט ער א ביקס, אינ דער צווייטער—א רויטע פלאטערדיקע פאָנ—אלצ פונ טשוהונ, די לינקע פוס מיט א טראָט פאָרויס, דאכט זיכ, אָט־אָט שפאנט ער אראָפ, דער טשוהונענער רויטארמייער פונעמ פאָסטאמענט אונ מארשירט אוועק אינ דער ווײַט,—ווּהינ ס'איז געווענדעט זײַנ אָפנ, שארפזיכטיקער בליק.

אפ א ברודער־קייווער שטייט דער דענקמאָל, מיט וואָגיקע, אָפגעגאָסענע, טשוהונענע אויסיעס אפ דעמ פאָסטאמענט:

„אונדזערע זינ, טאטעס אונ ברידער,—

די אומגעקומענע פאר אונדזער גרויסער זאכ!

דער טאָג איז הײַנט א זוניקער אונ א דורכזיכטיקער, ווי היגער אוראלער ליפעהאָניק. פונ דער טײַכ קאמא, וואָס פליסט ערגעצ אונטערנ בארג, בלאָזט א לינד ווינטל. ארומ, אפ דעמ פוסטנ פלאצ איז קיינער ניטאָ, אויסער מיר—א ניט־לאנג געקומענער אהער קײַנ פריקאמסק, אונ עפעס אנ עלטערער ייִד, וואָס אײַטעקט זיכ באמ דענקמאָל. דער ייִד קערט ארומ אונ רייניקט מיט א בעזימל די שטענגלעכ אונ די קלומבעס, דערנאָכ שטעלט ער צו א לייטערל אונ ווישט אויס מיט א שמאטקע זייער זאָרגזאמ אונ איבערגעגעבנ יעדער אָס פונ דעמ טשוהונענעמ אופשריפט. די בינציקייט פונ דעמ ייִדנ האָט מיכ פארינטערעסירט, בינ איכ צוגעגאנגענ נאָכ נעענטער.

דער ייִד אָבער האָט זיך אפילע ניט ארומגעקוקט, ער האָט פאָרגעזעצט זאָרג־זאַם אראָפּװישן דעם שטויב פון די טשוהונענע שטיװל, פון די שינעל־פּאָלעס, פון די ארבל, געצויגן זיך ביז דעם העלם־שפּיץ פונעם רויטארמייער, ביז די הענט האָבן דערגרייכט, דערנאָך איז ער מיט אן עלטערן קרעכץ אראָפּגעקראָכן פונעם לייטערל און באקוקט מיך זייער אופמערקזאַם.

— איר מיינט, אפּאָנעם, אז איך בין א געדונגענער?..—האָט ער זיך אָפּגערופן.—שטאָט גרייט זיך צו עפּעס א טאָג?... האָט איר א טאָעס. פונעם גוטן װילן טו איך דאָס...

איך האָב אָנגעקוקט דעם ייִדן, װאָס פארנעמט זיך מיט אזא אויסטערלישער ארבעט גראָד פונעם גוטן װילן. ער איז פּעסט געבויט, װוקסיק, פארמאָגט א ברייטע ביין, פון יענע ייִדן, װאָס האָט אין די יונגע יאָרן פּאָרקאָװעס געבויגן מיט די הוילע פינגער—דאָס פילט זיך נאָך איצט אין זײַנע גרויסע, ביינערדיקע פינגער. די באָרד איז בא אים װײַס, װי װײַסע זײַדענע פעדים, נאָר די ברעמען האָבן נאָך פארהיט די אמאָליקע יונגקײַט—שװארצע און געדיכטע װי װאָנצעס. און די אויגן זענען אויך אויס ייִנגער פון זייער װירקלעכן עלטער. דער ייִד האָט קיין שום אכט ניט געלייגט אף מײַן אופמערקזאַם באקוקן אים, זײַן בליק איז גאָר געװען אָנגעשטעלט אף דעם טשוהונענעם רויטארמייער װי ער װאָלט אים דערזען דאָס ערשטע מאָל. ער האָט ארויסגערעדט מיט טרויער:

— צװיי טראָפּן װאסער מײַן עליע און ביניע...

א װײַלע האָבן מיר ביידע געשװיגן און דער ייִד האָט װידער ארויסגערעדט מיט טיפן טרויער:

— װי װויל, אווראָם־בער, װאָלט דיר געװען, װען דײַן עלטערער זון װאָלט דאָ געלעגן...

איך בין געװען איבערראשט. װאָס איז דאָס פאר א ייִד, אָט דער אווראָם־בער, װאָס װינטשט זיך האָבן אין ברודער־קייװער דעם עלטערן זון?.. אָבער װיאזוי און װען װאָט אָנהייבן מיט אים ריידן?.. שװײַג איך. אווראָם־בער האָט אויך געשװיגן און גייט ניט אװעק. איך האָב דערפילט, אז דעם מענטשן דריקט עפּעס, נאָר פאר אים שטייט א װילד־פרעמדער—קװענקלט ער זיך. איך האָב אים פאָרגעלייגט א פּאפּיראָס.

— איר רויכערט!..

מיר האָבן זיך צוגעזעצט אף א בענקעלע לעבן די קלומבעס. דער ייִד האָט זשעדנע גערויכערט, װי ער װאָלט מיט דעם רויך געװאָלט פארלעשן די אָנגעלאָפּענע ראַיװנעס. איך האָב װייך און פאָרזיכטיק א פרעג געטאָן:

— איר האָט דאָ עמעצן?..—און מיטן קאָפּ אָנגעװיזן אף דעם ברודער־קייװער.

ער האָט שװער אָפּגעזיפּצט.

— שוין פופצן יאָר, װי איך רײַניק דאָס און פוץ...—ער האָט א כעזשבן געטאָן מיט א צוגעזשמורעט אויג.—אזוי איז דאָס טאקע! אָט די מאציװע האָט מען דאָך אװעקגעשטעלט צום פינפטן יאָרצײַט פון זייער אומקום. הייסט דאָס, שוין באלד טאקע פופצן יאָר, װי איך רײַניק...

ער איז װידער אנשװיגן געװאָרן.

איכ האָב באשלאָסנ לאָזנ דעם ייִדנ זיכ אויסשװײַגנ. פּלוצעם האָט ער אײַליק א פרעג געטאָנ:

— קינדער האָט איר?..—אונ ניט דערװארטנדיק אנ ענטפער, צוגעגעבנ מיט א זיפצ.—אונ איכ בינ, װי א שטײנ... עלנט... כאָטש צוריק געװערט...

ער האָט װידער געטראכט א װײַלע, געצופּט נערװעז די זילבערנע הערלעכ פונ דער באָרד אונ זיכ צערעדט.

— איר פארשטײט... קײנער ניטאָ... אונ דאָכ זײַנענ דיר אלע נאָענטע... קרויװים... דאָס האָב איכ דערפילט נאָכ דעמלט... נאָכ דער מײַסע מיט עליענ.

דער ייִד האָט צעבונדנ די צונג אונ פאר מיר איז געװאָרנ קלאָר א געשיכטע.

אינ יענע טעג, װענ קאָלטשאק האָט פארנומענ פריקאמסק אונ דעם גאנצנ קאנט — גאנצ אוראל, — אינ יענע טעג איז אומגעריכט געקומענ אהײם זײַנ צװײטער זונ, דער באטאליאָנער קאָמאנדיר עליע סעגאל. געקומענ איז עליע מיט נאָכ אײנעם פונ דער רויטער ארמײ, מיט זײער שאָכנ — מיט ניקולינענ.

געװענ איז דאָס שפּעט באנאכט. ער האָט שטיל אָנגעקלאפּט אינ לאָד, שטיל, געגאנװעטערהײט ארײַנ אינ שטוב אונ מיט א פּיבערדיקנ בליק א שלײַכ געטאָנ אינ אלע װינקלעכ.

דער טאטע אװראָם־בער איז געװענ שטארק איבערגעשראָקנ. ער האָט קימאט ניט דערקענט דעם זונ: דער װוּקסיקער, ברײטבײניקער עליע מיט די געריכטע שטעכלקעס אפ דער געמבע אונ מיט דער שװארצער טשופּרינע, שטענדיק א לעבנסלוסטיקער, א שטאלטנער, א בראװער,—איז איצט געשטאנענ א פארעלטערטער, מיד אונ פארפרוירנ, אָנ א רימענ אפ דעם שינעל, אונ מיט א פארלאָשנ פײַערל אינ די אויגנ. דער טאטע איז צוגעגאנגענ צום זונ אונ ארײַנגעקוקט אימ אינעם פארװאקסענעם פּאָנעם:

— עליע, װאָסערע ניט גוטע האָבנ דיכ אהער געבראכט!..

עליע האָט זיכ שװער אראָפּגעלאָזנ אפ דער באנק. ער האָט אינקורצנ דערצײלט, װאָס מיט אימ איז געשענ פאר די לעצטע טעג: דער באטאליאָנ זײַנער האָט זיכ געשלאָגנ פאר יעדנ שפּאנ אוראלער ערד, עליע אלײנ איז געגאנגענ בעראָש פונ זײַנ באטאליאָנ, מע איז אָפּגעגאנגענ מיט בלוט, אומגעקומענ פונ פרעסט אונ פונ ניט־דערעסנ, נאָר ניט אונטערגעגעבנ זיכ. הארט אונטער פּערם האָבנ די װײַסע ארומגערינגלט, אלע װעגנ אָפּגעשניטנ, קאָם מיטנ לעבנ זיכ געראטעװעט. אונ ארום איז אָדער װאלד, אָדער פּיסטע, פארשנײטע פעלד. אײנ אויסװעג איז געבליבנ — צוריק! אויסבאהאלטנ זיכ ביז דער ערשטער בעסטער מעגלעכקײַט אונ אומבאמערקטערהײט דורכרײַסנ זיכ צו די אײגענע, — צו די רויטע.

— איר דארפט װיסנ זײַנ, — האָט אװראָם־בער באזונדערס באטאָנט, — אז עליענ איז יעדער שטעגעלע געװענ באקאנט אינ דער גאנצער אומגעגנט.

— איר זײַט, װי איכ זע, געבוירענע אוראלער... — האָב איכ אימ איבערגעריסנ.

— ניט געבוירענע, נאָר געװאָרענע... פונ אונדזער פּינסק זײַנענ מיר... פונ א שטעטל... בעװשענצעס... ארויסגעטריבענע פונ דאָרט נאָכ אינעם פופצנטנ יאָר... — אװראָם־בער

האָט מיך אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט וועלן נאָכאמאָל זיך דערקונדיקן, צי קאָן ער מיר אַלץ פארטרויען און נאָך א קורצן שווייַגן פאָרגעזעצט: — איך וועל אייַך זאָגן דעם עמעס, איך ווייס שוין איצט ניט, וווּ בין איך מער געבוירענער — דאָרט, אונטער פינסק, צי דאָ, אפּ אוראַל...

אורראָם־בער האָט ווידער דערציילט און איך בין געוווירע געוואָרן:

דאָרט, אין דער אַלטער היים, האָט מען עליען צוגענומען אַפּ מילכאָמע, אינעם ערשטן טאָג פון דער מאָביליזאציע און גלייַך אַפּן פראָנט. אפילע מיט ווייַב און קינד ניט געלאָזן זיך אָפּגעזעגענען. פיר יאָר קימאט האָט ער אָפּגעפוילט אין די אָקאָפּעס, קיין איין מאָל ניט געזען זיך, ערשט פייסעך־צייַט פונעם ערשטן יאָר פון דער רעוואָליוציע איז ער פּלוצעם געקומען אהיים, אהער שוין — אפּ אוראַל.

געקומען איז עליע מיט א ווונד אינעם לינקן אַקסל, אין א צעריסענער, גראָבאראשקענער סאָלדאטסקע ווינטער־היטל, מיט א רויט סטענגעלע אָנשטאָט א קאָקאַרדע, אין א שינעל אָן א כליאסטיק, אין צעטאָפּטשעטע, לעכערדיקע שיך, מיט וויקל־שנורן אָנשטאָט כאָליעוועס. עליע האָט נאָך ניט באַוויזן זיך אויסטשוכען, ווי ס'איז געקומען צו לויפן נויעך.

— ווער איז נויעך? — האָב איך א פרעג געטאָן מיט נייַגיר.

אורראָם־בער האָט אראָפּגעלאָזן די אויגן און אָפּגעענטפערט מיט א פינצטער קאָל:

— אָט יענער... דער סאמע עלטסטער...

— עליע, ביסט א באָלשעוויק?.. — האָט נויעך גענומען זיך דערפרעגן.

— ניין!

— הייסט עס, ביסטו מיט אונדז?.. פאר דער אָרדענונג?..

עליע איז אופגעשטאנען פונעם אָרט. אין דער פארשמאָלצענער, כאקענער בימנאסטיאָרקע, אָן א גורט, אין די גאליפע־הויזן מיט די ווייַסע שנירלעך פונונטן, אָן שיך, בלויז אין איינע אָנעטשעס, — האָט עליע איצט אויסגעזען נאָך וווקסיקער, ווי ער איז. און די גאנצע סינע, וואָס ער האָט אָנגעזאמלט אין די אָקאָפּעס, האָט ער איצט אויסגעפרעסט דורך די ציין.

— די באָלשעוויקעס האָבן א סאָך געמאכט צו דער אומגליקלעכער מילכאָמע, און ער לערנט זיי אָרדענונג!.. טאטע, נעם אים צו פון מיר!..

נויעך האָט אליין אָפּגעטראָגן די ביינער.

עליעס קומען האָט דעם טאטן גוואַלדיק דערפרייט: זאָל זייַן מיט א ווונד, זאָל זייַן אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן, אבי אַלע אינאיינעם, ווייַל אַלע אינאיינעם פאָרן זיי צוריק אהיים, צו זיך אין שטעטל אונטער פינסק.

— אין יענער צייַט, — האָט מיר דערקלערט אורראָם־בער, — האָב איך אַלץ נאָך געטראכט, אז דאָ, אפּ אוראַל בין איך א פרעמדער, א בעזשענעץ. ווי אפּ א וואָקזאַל זיץ איך דאָ.. אָט נעם איך, ווי אסאך, אסאך אנדערע בעזשענצעס מייַן האק און פאק און א גוטן טאָג מיט דער קאפּאָטע...

און דערווייַל האָט זיך ווענע צעשפּילט. פון דעם ארומיקן וואלד האָבן געפלאָסן רייכעס פון פּאראַיאָריקע צעפרייעטע בלעטער און אופלעבנדיקע נאָדל־בוימער, ריטשקעס וואסער האָבן פארשייַט זיך געטראָגן פון די ארומיקע בערג און

פול געמאכט, ווי אנ אויג דעם זאוואָדישנ פרוד, די טײַך קאמא, א באפרײַטע פונ אײַז האָט זי מעכטיק אונ רויִק געטראָגנ אירע שווערע וואסערנ אונ גענאלעוועט דער שטאָט מיט לינדע ווינטלעך, פונ דער טריקנדיקער ערד האָט זיך געהויבנ א פארע, ווי פונ א צעשניטענעם אָקאָרשט־אויסגעבאקטנ לעבל ברויט. עליע איז גע־זעסנ אפנ גאנעק, געפאָרעט קעגנ דער וועסנע־זונ דעם פארווונדעטנ לינקנ אקסל אונ אָנגעקוקט, וויאַזוי די היגע פריקאמסקער ארבעטער לערנענ זיך דאָ, אפנ פלאצ די מעלאָכע פונ באהערשנ די ביקס. קיינ דערפארענער קאָמאנדיר איז בא זײ דאָרט ניט געווענ אונ דאָס לערנענ זיך האָט געטויגט אפ פײַער. עליע האָט סאָפקאָלסאָפ ניט אויסגעהאלטנ:

— סײַדנ אזוי האלט מענ א ביקס?.. — האָט ער זיי פאָרגעוואָרפנ. — דער מענטש דארפ זײַנ באלעבאָס איבער דער ביקס, ניט די ביקס איבער דעם מענטש...— אונ גלײַך אפנ אָרט באוויזנ, וויאַזוי מע דארפ שיסנ פונ קני, ליגנדיקערהייט, אינ געלאפ מיטנ שפיז פאָרויס.

טאָג נאָך טאָג האָט זיך איבערגעכאזערט איינס אונ דאָסזעלבע, ביז וואנענ איי־נער פונ די באוואָפנטע האָט זיך אָפגערופנ:

— כאווײרים, צוליב וואָס זיך אזוי פיל מארודיענ?.. לאָמיר אים אויסקלײַבנ פאר א קאָמאנדיר...

אונ דאָ אפנ פלאצ האָבנ די פריקאמסקער ארבעטער אויסגעקליבנ עליע סענאלנ, דעם סאָלדאט פונ דער דײַטשישער מילכאָמע, אלס קאָמאנדיר פונ זייער באטאליאָנ.

אווראָם־בער האָט זיך אָפגעשטעלט אונ גענומענ מיר דערקלערנ מיט א פארענט־פערנ זיך:

— איר פארשטייט... דעמלט האָט דאָס מיר פארשאפט גרויס אגמעסנעפעש. וואָס פאר א שײַכעס, — האָב איך געטײַנעט צו די קינדער, — האָבנ ייִדנ צו דעם גאנצנ טאראראם?... פאָניע שלאָגט זיך פאר זײַנ אוראל, דארפנ אויך אווראָם־בערס קינדער שטעלנ דאָס לעבנ אינ קאָנ?... דער ערשטער איז ארויסגעשפרונגענ ביניע...

— ווער איז ביניע? — האָב איך א פרעג געטאָנ.

אווראָם־בער האָט מיר ניט געענטפערט. ער האָט אופגעהויבנ די אויגנ צו דעם טשוהונענעם רויטארמייער אפנ פאָסטאמענט אונ ארויסגערעדט מיט א טאטישנ שאָקל מיטנ קאָפ:

— אכ, ביניע, ביניע!... ווי ווײַט דו וואָלסט איצט געהאלטנ...

אווראָם־בער האָט שווער אָפגעאָטעמט, אביסל זיך בארויִקט אונ ווידער גענומענ דערציילנ:

— טאטע! — האָט דעמלט ביניע זיך צעקאָכט. — רויטע ארמיי איז דיר ניט פאָניעס ארמיי...

אונ נויעכנ, וואָס האָט געפרווט אונטערהאלטנ דעם טאטנ, האָט ביניע אָפּנ אָפגעשניטנ:

— דרייסט ווידער מיטנ וויידל אהינ, אי אהער?...

אונ אוראל האָט שוינ דעמלט געפלאקערט: דוטאָוו, די טשעכנ, קאָלטשאק — אלע האָבנ זיך געריסנ דערשטיקנ אוראל, אונ יונגע רויטארמייִשע באטאליאָנענ זײַנענ געגאנגענ אונ געגאנגענ אפנ פראָנט פארצוימענ דעם סוינע דעם וועג. בעראָש פונ

אײנעם אזא באטאליאָן איז אװעק אין שלאכט אװראָם־בערס מיטעלער זון עליע סעגאל, געלאָזן װײַב און קינד, מיט װעלכע ער איז קימאט פיר יאָר געװען צעשיידט און װידער אװעק אפ מילכאָמע. העכער זעקס כאדאָשים האָט דער באטאליאָן זיך געשלאָגן אפ די פראָנטן אין די גערדיכטעגישן פון די אוראלער װעלדער, דערקײַקלט זיך ביז פערם. דאָ, אונטער פערם צעקלאפט געװאָרן און עליען איז אײן אויסװעג געבליבן — צוריק! אויסבאהאלטן זיך ביז דער ערשטער בעסטער מעגלעכקײַט און אומבאמערקטערהייט דורכקלײַבן זיך צו די אייגענע — צו די רויטע.

און אָט איז ער באם טאטן, באם װײַב און קינד. פינצטער איז בא עליען דער פאָנעם, פינצטער איז אין שטיבל: דער מינדסטער פינטל פײַער רופט ארויס כשאד בא די קאָלטשאקאָװצעס, זיצט מען בא פארלאָשענע פענצטער. עליע מיט דעם געקומענעם ניקולינען װייסן ניט װאָס צו טאָן: אָנװארעמען זיך, איבערבײַסן עפעס, צי לאָזן זיך װײַטער, װוהין די אויגן טראָגן, װאָרום טאָמער האָבן די חײַסע זײ אויסגעשפירט?.. ניקולין האָט באשלאָסן, ער װעט זיך דורכבאנװעגן צו זיך אהיים, עפשער װעט דאָס װײַב פויעלן בא באקאנטע מיט עפעס מיטהעלפן, און מיט דעם קאָמאנדיר װעט ער האלטן פארבינדונג — אײנער דעם אנדערן פארלאָזן ניט, און ניקולין האָט זיך ארויסגעשלײַכט אין דער פראָסטיקער נאכט װי א לײַכט װינטל שלײַכט זיך דורך אן אָפענעם פענצטער—אָן א שאָרך... פלוצעם איז דעם טאטן אײַנגעפאלן א געדאנק:

— עליע... — האָט ער גליקלעך געשעפטשעט אפן אויער. — נויעך איז דאָך בא זײ א שטיקל מאכער, װעל איך צולויפן...

— ער דינט טאקע בא זײ, דער מענוול?.. — האָט אויסגעפרעסט דורך די ציין עליע.

דער טאטע האָט זיך געבעטן:

— עליע, מע טאָר ניט אזוי... איר ביידע האָט דאָך געזויגן די מילך פון אײן מאמען...

— נויעך דײַנער איז א הונט מיט אויערן...

— אָבער א טאטן זאָגט מען ניט אָפ... בלוט איז פונדעסטװעגן ניט װאסער!...

די לעצטע װערטער האָט דער טאטע ארויסגעבראכט מיט אזא זיכערקײַט, אז עליע האָט מער שוין זיך ניט געאמפערט. ער האָט נאָר געשטעלט אײן באדינג: דער טאטע בעט בא נויעכן צװיי פאפירלעך — א פאפירל פאר עליען און נאָך עפעס א דאָקומענט פאר דעם כאװער—פאר ניקולינען. דער טאטע האָט זיך אפילע באלײדיקט:

— װי־ושע אנדערש?!..

ניט מער, װי א האלבע שאָ האָט אװראָם־בער זיך פארזאמט בא נויעכן. צוריק איז ער געלאָפן, װי א פארשײַט ייִנגל,—ער האָט גאָר פארגעסן, אז ער איז שוין אין די פופציקער, — געזונקען אין די טיפע קופעס שניי, עטלעכע מאָל אינטערגעגליטשט זיך, אָט האָבן אים אריבערגעיאָגט מיט א פײַפ און מיט געבריל פינף באהאָפנטע רײַטער — פינף מאלכעמאָװעסן, בלויז א שניי־שטויב איז נאָך זײ פארבליבן, נאָר ער האָט גאָרנישט ניט געזען, ער איז געלאָפן א פרײיִקער, א פארשװיצטער און געטראָגן א גליקלעכע בסורע: נויעך האָט מיט א װונק געגעבן אים

צו פאַרשטײַנ, אז ער וועט טאָנ אלצ, װאָס פונ אים הענגט אָפּ... זאָל דער טאַטע רויִק גײנ אהײמ.

דער טאַטע אָבער איז ניט געגאנגענ — געלאָפּנ מיט דער גוטער בסורע אונ איז באַמ שטוב אָנגעשפּרונגענ אפ די פריִערדיקע פינפ רײַטער. זײ האָבנ געפירט דעמ ארעסטירטנ עליענ מיט אפ הינטער פארבונדענע הענט, אָבער אפילע איצט איז עליע געווענ העכער אונ געזינטער פונ די פינפ.

— עליע מײַנער, — האָט מיר אויסגעטײַטשט אווראָמ־בער מיט שטאָלצ, — איז אנ אויסגענאָסענער דער טאַטע... אויכ מיט אזא שווארצער באָרד ווי בא מיר (ווענ ער גאָלט זיכ ניט) אונ אויכ אזא ווּקסיקער, מיט אזא ברײטער בײנ. — ער האָט זיכ אופגעשטעלט, ווי ער וואָלט מיר געוויזנ, וויאזוי זײַנ עליע האָט אויסגעזענ, באַלד אָבער האָט ער צוריק זיכ אראָפּגעלאָזט אונ פאָרגעזעצט די מײַסע.

ער, דער טאַטע האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ צו די פינפ מיט טײַנעס, מיט געבעט, אָנשטאָט אנ ענטפער האָט אײנער פונ זײ פארפאָרנ אימ מיט דער נאהײַקע. פונ די צײנ האָבנ טראָפּנס בלוט געטריפט אפ דער שווארצער באָרד, אונ אויסגעזענ האָבנ די טראָפּנס ווי אָקאָרשט־אָנגעטריפטער טריוואקס.

דער פּאפּיראָס איז שוינ געווענ לאנג אויסגעלאָשנ, נאָר אווראָמ־בער האָט איצט געזענ פאר זיכ בלויז יענע גרויליקע טעג. ער איז דורכגעפאָרנ מיט דער האנט איבער דער זײַד־ווײַסער באָרד, ווי ער וואָלט נאָכ איצט, אינ צוואנציק יאָר ארומ געפילט די טראָפּנס בלוט אפ זײַנ דעמלטיקער שווארצער באָרד.

אויכ איכ בינ געווענ מוירעדיק אופגערעגט, האָב איכ א פרעג געטאָנ מיט אײַנגעהאלטענעמ אָטעמ:

— אָבער נויעכ האָט פונדעסטוועגנ מיט עפּעס מיטגעהאָלפנ?

אווראָמ־בער האָט זיכ צוגערוקט נעענטער צו מיר אונ ארויסגערעדט, ווי מיר וואָלטנ געווענ אלטע גוטע פרײַנט:

— מײַנ פרײַנט! מיר זײַנענ ווייניק באקאנט, נאָר אז א מענטש רעדט זיכ אויס דאָס הארצ ווערט אימ גרינגער דער געמיט...

אינמיטנ דערינענ האָבנ זיכ דערטראָגנ צו אונדז גרילצנדיקע, שארפע הודאָקס פונ טײַכ־ראמפערס. דאָס האָבנ די שיפנ אפ דער קאמא אָנגעזאָגט, אז זײ שווימענ אָפּ. אונ ווי אנ איבערופ מיט די שיפנ, האָט זיכ צערעוועט דער זאוואָד־הוראָק מיט א באסאָווער שטימע אונ צעצויגנ — אנ אָנזאָג, — אז אינ א האלבע שאָ ארומ בײַט זיכ די וואכטע, צײַט גײנ אפ דער ארבעט.

אונ ווירקלעכ, באַלד האָבנ זיכ מענטשנ באוויזנ — עלטערע, ייִנגערע, מיטליאָריקע אונ קימאט אלע, אלע האָבנ פרײַנטלעכ זיכ געגריסט מיט אווראָמ־בערנ.

— א גוטהעלפ, אבראמ!

— רײניקסט, פּאפּאשע? רײניק, רײניק!... ניט פארגעס אונדזערע אָדלערלעכ!..

— פארויכער, אבראמ! — אונטערגעטראָגנ אימ א פּאפּיראָס, דערנאָכ אנ אָנגעצונדענע שוועבעלע אונ די פארלאָשענע שוועבעלע ארײַנגעוואָרפנ אינ מיסט־קעסטל.

— דאָס אכט מענ מײַנ מי... — האָט מיר דערקלערט אווראָמ־בער מיט ווירדע.

איכ האָב א פרעג געטאָנ:

— איר האָט געארבעט אפנ זאוואָד, וואָס אלע זײַנענ מיט אײַכ אזוי אויסגעבונדנ?..

— בלוט בינדט אויכ צונויפ מענטשנ... — האָט ער מיר דערקלערט עטוואָס פארשטעלט אונ גלײַכ צוגעגעבנ: — ניינ! אפנ זאוואָד האָב איכ קיינמאָל ניט געארבעט. א בלעכער בינ איכ... אלע מײַנע יאָרנ. נאָכ פונ דערהיים, דאָרט, אונטער פינסק.

אינדערהיימ האָט אווראָמ-בער געהאט א פיצל בלעכער־װארשטאטל, געארבעט מיט די אייגענע הענט. די יינגערע צוויי עליע אונ ביניע האָבנ געארבעט אפ א שכיינישער גלאָז־הוטע אונ דער עלטערער נויעכ איז אפילע אינעמ אָנטאָנ ניט געוועזנ ענלעכ אפ די ברידער. ער האָט געטראָגנ רויכ־ברילנ אפ א לאנגנ שנירעלע ביזנ ווערטל-קנעפעלע, א וויכנ קאפעליוש מיט א שטענדיקנ פלעק אפ דער סטענגע, — דער שטערנ האָט בא אימ גוואלדיק געשוויצט, אונ אפ די אקסלענ געהאט ארופגעוואָרפנ א שווארצע פעלערינע. ער פלעגט גאָרנישט ניט טאָנ, זײַנ באשעפטיקונג איז געווענ אָנשרײַבנ עמעצנ א פּאפיר דעמ מיראָזוי אָדער אינ דער פאָליציע אונ גאנצענע טעג אָפשטיינ בא גינזבורגנ אינ שניט־קראָמ אונ קנאקנ יאָדערנ.

איינמאָל איז געוואָרנ באווּסט, גינזבורג דער קרעמער האָט דורכגעטריבנ איינעמ פונ זײַנע אָנגעשטעלטע, עפעס א מײַסע מיט צוגרייטנ א שטרײַק. דער ארויסגעטריבענער איז געווענ נויעכס א גוטער ברודער, נאָר אינ שטאָט איז גראָד אוועק א קלאנג, אז אינעמ איניענ איז נויעכ עפעס מיעס פארמישט... דעמזעלבנ טאָג האָט דער טאטע געפונענ בא נויעכנ א גאָלדענעמ האלבנ אימפעריאל, איז אימ געוואָרנ קאָשע.

— נויעכ, ווי קומענ צו דיר אזעלכע קאפיטאלנ?.. עס איז קאָשער פארדינטע?...

נויעכ איז געוואָרנ אנ אופגעקאָכטער:

— די גאנצע וועלט איז געבויט אפ קויפנ אונ פארקויפנ!... אונ דער, וואָס האלט ניט פונ באלעבאָס, יענער האלט ניט... — גלײַכ אָבער האָט ער כניפיש זיכ צעשמייכלט: — סײַדנ אפ אנ אייגענעמ זונ ווערט א טאטנ פאָטויפענ זיכ אינ קאָפ אזעלכע זאכנ?..

— איכ דארפ אײַכ זאָגנ, —האָט מיר דערקלערט אווראָמ־בער, —אז דער עלטערער איז גאָרניט ענלעכ אפ קיינעמ פונ אונדז. עליע, ווי איכ האָב אײַכ שוינ געזאָגט, איז צוויי טראָפנ וואסער דער טאטע, ביניע אנ איסגעגאָסענער די מאמע, אויכ א וויניק־ריידעוודיקער, א שטילער, מיט אנ עטוואָס אָפגעשטאנענע אונטערשטע ליפ, אונ בא נויעכנ איז א שמאָל פּנעמל, רויטלעכע, ניט געזונטע אויגנ אונ קרומע ציינ. בא אונדז בא אלעמענ זײַנענ די ציינ, ווי בא מיר, ווײַסע אונ ברייטע, אונ בא אימ, ווי בא א פיקסל — קרומע אונ שארפע... א פוקס! נאָר אָט אווי איז דאָס!.. דער לײַבלעכער טאטע באמערקט שטענדיק דער לעצטער...

אווראָמ בערנ איז געווענ שווער צו ריידנ, איז ער אנשוויגנ געוואָרנ. אונ איכ האָב שטיל א פרעג געטאָנ:

— עס איז טאקע דערוויזנ געוואָרנ, אז ער האָט אנ אייגענעמ כאזיער?...

— איכ האָב דעמלט אינ דעמ ניט געגלויבט!.. — האָט אווראָמ־בער אָפגעענטפערט מיט הארצ.

איכ האָב אימ שוינ מער קיינ פראגנ ניט פארגעבנ, אווראָמ-בער האָט זיכ אלייג אָפגערופנ:

— גיט שוינ נאָכ א פאפיראָס... בא א פאפיראָס דערציילט זיכ בעסער...

אונ ער האָט דערציילט:

אינעם ערשטנ טאָג פונ די בעזשענסקע וואָגלענישנ, שוינ דאָ, אפ אוראל איז בא אהראָמ־בערנ דאָס ווײַב געשטאָרבנ. געשענ איז דאָס אינ דעמ שטעטל זארעטשיע, וואָס ליגט פונ יענער זײַט קאַמא. פריקאמסק איז אפ דעמ זײַט, אפ דעמ בערגיקנ ברעג, זארעטשיע — אפ יענער זײַט, אפ דעמ נידעריקנ. ווו צו פארדינענ איז דאָ ניט געווענ, ווײַל זארעטשיע לעבט אלייג פונ פריקאמסק אונ די זארעטשיער אײַנוווינער האָבנ געטײַנעט צו די ייִדנ־בעזשענצעס: גייט אפנ זאוואָד, אפ יענער זײַט טײַכ, קײַנ פריקאמסק, נאָר קיינער האָט גאָרניט געטראכט אהינ גיינ: אָט־אָט, טאָג אפ טאָג, — האָבנ אלע געהאָפט, — ענדיקט זיכ די מילכאָמע אונ א״ע בעזשענצעס שיקט מענ אָפ אינ דער אלטער היימ.

אונ מיסאמאָל — דער ערשטער ייִדישער מעס אינ דער רוסישער שטאָט. קיינ ייִדישער בייסוילעמ איז דאָ קיינמאָל ניט געווענ אונ א דערלויבעניש אפ אזא זאכ דארפ מענ באקומענ אינ דער אויעזדנער פאָליציע, אינ פריקאמסק. נויעכ איז אוועקגעפאָרנ נאָכ א דערלויבעניש. עס גייט דורכ א טאָג, צוויי, דרײַ, פיר, פינפ טעג! — ניטאָ נויעכנ. דער מעס האָט שוינ אָנגעהויבנ פוילנ. די זארעטשיער קריסטנ האָבנ פאָרגעלייגט די ייִדנ:

— וויבאלד מיר זײַנענ שכיינים אפ דער ערד, איז לאָמיר זײַנ שכיינים אויכ אינ דער ערד...

אונ אָפגעצוימט א שטיק פעלד פונ דער אויסערלעכער זײַט פונ דעמ רוסישנ בייסוילעמ.

ערשט אפנ זיבעטנ טאָג, שוינ נאָכ דער קווורע פונ דער מאמענ איז נויעכ בעקומענ. געקומענ איז ער מיט א פארטיקנ טערעצ, שווער געווענ דערשלאָגנ זיכ א דערלויבעניש. דעמ זעלבנ טאָג האָט ער פארפאקט זײַנע ביסל זאכנ אונ אפ שטענדיק אריבערגעפאָרנ קײַנ פריקאמסק...

— אונ אויכ אײַכ אריבערגענומענ?.. — האָב איכ צוגעגעבנ אינ טאָג.

אווראָמ־בער איז געוואָרנ אינ קאס.

— איר זײַט, זאָלט איר מיר מויכל זײַנ... ביניע האָט אונדז אהער אריבערגענומענ!... ביניע... דער ייִנגסטער...

אינ א צײַט ארומ האָט מענ אהראָמ־בערנ דערציילט: ניט אפ א דערלויבעניש האָט נויעכ א וואָכ צײַט געפאטערט, נאָר אפ פרווו־ארבעט געזעסנ. די אלטע אוראלער שטאָט קעסיידער געדעקט מיט בלעכ, דער היגער בלעכ־זאוואָד נאָכ פונ פיאָטערס צײַטנ, די ליכטיקע קאָנטאָר מיט די געל־אויסגעפארבטע פאָדלאָגעס, די אופזערס אונ אָנפירערס אינ די פינקלדיקע קאָקארדעס אונ קנעפ, — האָבנ ארויסגערופנ בא נויעכנ אנטציקונג, קאָפ־שווינדל אונ ער איז אוועק אינ קאָנטאָר בעטנ עפעס א שטעלע. אינ מענטשנ האָט מענ דעמלט זיכ גענייטיקט — מילכאָמע־צײַט! האָט מענ נויעכנ צוגענומענ, נאָר א וואָכ צײַט מוז ער אָפארבעטנ פרווו־ארבעט. נויעכ איז אפ דערופ אײַנגעגאנגענ.

— אויכ דאָס מאָל האָב איכ ניט געגלויבט. עס קאָנ ניט זײַנ, — האָב איכ געטײַנעט, — אז אווראָמ־בער דעמ בלעכערס א זונ זאָל לאָזנ א וואָכ צײַט ליגנ דער

מאמענ אָנ קווּורע און אינ דער זעלבער צײַט טראכטנ װעגנ שטעלעס פאר זיכ!..

— איכ מוז זיכ מוידע זײַנ,— האָט אװראָמ־בער פאַרגעזעצט, װי ער װאָלט מוירע געהאט, טאָמער הערט אימ עמעצער אונטער, — אז אפילע נאָכ דער רעװאָליוציע האָב איכ נאָכ אלצ געלעבט, װי א נאר... בא יענע צװײ זײַנענ אָפענע קאָרטנ, עליע איז באטאליאָנע קאָמאנדיר, ביניע אײַסעקט זיכ מיט די מאדיארנ—פלעניקעס, מיט די טאָטערנ און פערמיאקעס, אָט מיט די אלע, װאָס רײדנ שלעכט רוסיש און גויעכ,— גייט ארומ מיט אָנגעשפיצטע אויערנ, שארט זיכ ארומ נאָר לעבנ קאָמיסארנ, שמײכלט צו זײ ביז כאלאָשעס, קריכט פונ הויט װערנ עפעס א שטיקל נאטשאלסטװע, נאָר װי אפ צעלאָכעס זיצט ער אפ דער זעלבער שרויסיקער שטול אהינטער א הויכער קאָנטאָרקע און קנאקט טאָג און נאכט אפ כעזשבנביינדלעכ.

— און אז קאָלטשאק איז ארײַנ אינ פריקאמסק האָב איכ זיכ געטרײסט מיט גויעכנ. זעסט דאָכ, — האָב איכ גערעדט צו זיכ אליינ, צו דער שנור דער סאָלדאטקע, צו מײַנע באקאנטע, — יענע צװײ — עליע און ביניע האָבנ מיט גאָרנישט זיכ ניט גערעכנט, אװעק אפ די פראָנטנ, און דער האָט דעמ טאטנ ניט פארלאָזנ, דער פארשטײט, װאָס הײסט בלײַבנ אפ דער עלטער, און דערצו נאָכ אינ א פרעמדנ קאנט, פארװאָגלט...

און טאקע דעמ זעלבנ טאָג, די שטאָט איז נאָכ בעלעגנ אינ אײמעדיקער שטילקײַט, װי אנ אָפגעדעקטער מעס, איז גויעכ א גליקלעכער געקומענ צו לויפנ צומ טאטנ.

— א סאָפ! איצט, טאטע, װעסטו שוינ זענ!.. ניט איכ בינ איכ, אויב איכ דערשלאָג זיכ ניט צו א גרויסנ טשינ... קאָלטשאק — דאָס איז דיר ניט די באָלשעװיקעס... קאָלטשאק שעצט אָנשטענדיקע מענטשנ... — און ניט שפעטער, װי אפ מאָרגנ האָט ער שוינ ארומשפאצירט אינ א נײַ־ינקער בעקעשע מיט א רעװאָלװער בא דער זײַט און איז געװאָרנ עפעס א מאכער אינ דער פונ ס'נײַ אופגעשטעלטער זעמסטװע.

— פרעג איכ אײַכ, — האָט אװראָמ־בער זיכ געװענדעט צו מיר מיט א גע־בראָכנ קאָל, — װי װאָלט איר געהאנדלט, װענ אײנ זונ פאלט ארײַנ צו קאָלטשאקנ אינ די הענט און דער צװײטער איז דאָרט עפעס א גאנצער יא טיעבע דאמ?... איר װאָלט סײַדנ ניט געפאלנ אימ צו די פיס?..

װאָס האָב איכ געקאָנט ענטפערנ אָט דעמ ייִדנ? האָב איכ געשװיגנ און געװארט, ער זאָל פאָרזעצנ די מײַסע. אװראָמ־בער האָט לאנג ניט געלאָזט װארטנ און איכ האָב זיכ דערװוּסט:

א זעונג מיט עליענ האָט גויעכ געהאָלפנ באקימענ דעמ טאטנ אָנ שומ פארשלעפעניש. די זעונג איז פאָרגעקומענ אינ דער ארעסט־קאמער — א בוסטער קעלער אָנ א שטול, אָנ א טישל, אפילע אָנ נארעס. עליע איז פאר דעמ מעסלעס שטארק פארװאקסנ געװאָרנ, געזעסנ איז ער דאָ ניט אליינ, — אויכ ניקולינ האָט זיכ שוינ דאָ געזונענ, נאָר דעמ טאטנ האָט דאָס ניט געארט. ער איז געװענ אָנבעפילט מיט גרויסע האָפענונגענ, האָט ער געטרײסט אי זיכ, אי דעמ זונ:

— וויבאלד ער האָט אזוי שנעל אויסגעכלאָפּאָטשעט פאר מיר א זעונג, וועט ער אלץ אויסכלאָפּאָטשען... א טאטנ זאָגט מען ניט אָפּ...

— מירנ זענ!... — האָט עליע אומבאשטימט אָפּגעזיפצט.

אונ ניקולינ פונ זײַנ זײַט האָט אויכ א בורטשע געטאָנ:

— יענער זונ דײַנער איז א...

— וואָס יענער זונ?... — האָט אווראָם־בער אומצופרידנ איבערגעריסנ ניקולינענ.

ניקולינ האָט דערציילט: א נאכט אונ א שטיק טאָג האָט ער זיכ אויסבאהאלטנ אינ די הינטערגעסלעכ אפ דער פאָרשטאָט, וואָס ווײַטער פונ דער הײם... פלוצעם האָט ער אומגעריכט באגעגנט נויעכנ. ניקולינ האָט געמאכט דעם אָנשטעל, אז ער קאָנ אים גאָר ניט. נויעכ—אויכ דאָס זעלבע. ווי נאָר אָבער נויעכ איז ניט געוואָרנ אהינטערנ ראָג, זײַנענ אינ א פאָר מינוט ארום פונעם זעלבנ אהינטער ראָג אָנגע־לאָפנ צוויי קאָלטשאקישע רײַטער אונ צאפ! אויס דמיטרי ניקולינ!...

— וואג ניט!...—האָט אווראָם־בער אָפּגעשטעלט ניקולינענ מיט אנ אויסגעשריי.— וואג ניט, זאָג איכ, ריידנ אזוי וועגנ מײַנ...

— איכ גלויב אויכ ניט... — האָט ניקולינ פארלוירנ א בורטשע געטאָנ — פאר־וואָס איבערגעבנ אונדז דעם טויט אינ די לאפעס?...

— מײַנער א זונ טרינקט ניט יענעמס בלוט!... — האָט אווראָם-בער נאָכ היל־כיקער אויסגעדונערט.

— ער איז שוינ, דאכט זיכ, מער ניט דײַנ זונ... — האָט עליע ארויסגערעדט מיט א פינצטער קאָל.

אווראָם־בער האָט מיכ אָנגעקוקט, צי הער איכ אופמערקזאם זײַנ מײַסע אונ פארצאָקט צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ:

— איר ווייסט דאָכ, ווי מע זאָגט: וואָס עס ווילט זיכ ניט, — דאָס גלויבט זיכ ניט... בינ איכ אוועק פונ דער זעונג מיט גרויסע האָפענונגענ... נאָר דעמ־זעלבנ טאָג...

שטיל האָט אווראָם־בער פאָרגעזעצט די מײַסע אונ שטיל האָב איכ אײַנגעזאפט יעדער וואָרט זײַנס, קיינ זילב ניט דורכגעלאָזנ.

דעם זעלבנ טאָג, פארנאכט־צו האָט מענ עליענ אונ ניקולינענ ארויסגעפירט אינדרויסנ. עס האָט א קלאפ געטאָנ מיט פרישער לופט, מיט טרוקענעם פראָסט, מיט אורעלער קעלטנ. אהינ ווײַט האָבנ זיכ געריסנ שיקערע קוילעס, אונ די צוויי ארעסטירטע האָט מענ געפירט צו דעם פארקאָוועטנ זאוואָד־פרוד. דער שניי האָט געסקריפעט אונטער די פיס, ווי א פערד וואָלט האָבער געכראָמטשעט אונ אפנ הימל האָבנ זיכ גענומענ אויסשיטנ אָנ א שיר קלאָרע שטערנ.

— קאלט!... — האָט ארויסגערעדט עליע סעגאל.

— נא, קאָמאנדיר! טו אָנ!... — האָט אָפּגעענטפערט דמיטרי ניקולינ אונ אָפּגעגעבנ עליענ זײַנע געשטריקטע, פויערשע, גראָב־וואָלענע הענטשעקעס.

עליע האָט בלויז באוויזנ אָנציִענ איינ הענטשקע — די רעכטע.

צוויי הילכיקע שאָסנ האָבנ איבערגעריסנ צוויי לעבנס.

אפמאָרגנ אינדערפרי איז אווראָם-בער אוועקגעלאָפנ צום קאָמענדאנט בעטנ מע זאָל אים ארויסגעבנ דעם צעשאָסענעם זונ. נויעכ איז אויכ דאָ געווענ. זײַנע רויטע,

ניט געזונטע אויגן האָבן איצט עפּעס מאָדנע גיך געפינטלט, ער האָט זיך אָפּגערופן און גראָד מיט צאר:

— אײַ, טאטע, ביסטו געווען גערעכט!... פּאָניע שלאָגט זיך פאר זײַן אוראל, דארפן אויך אווראָם־בערס קינדער שטעלן דעם לעבן אין קאָן...

— וועגן וואָס רעדסטו מיט מיר איצט?... — האָט דער טאטע ארויסגעברומט. נויעך האָט אופגעציטערט. קיינמאָל פריִער האָט ער ניט געהערט פונעם טאטן אזא ברום, ער האָט גענומען שיטן גיך־גיך, כניפיש:

— מע דארף אים ברענגען צו קיִווער יִסראָעל... בין איך טאקע געקומען כלאָ־פּאָטשען וועגן א יִדישן בייסוילעם...

אפ די רייך איז ארײַנגעקומען דער קאָמענדאנט. ער האָט אויסגעהערט אווראָם־בערס באקאָשע און זיך צעקלונגען מיט די שפּאָרן:

— איר בעט דערלויבן באהאלטן אים אין א באזונדער קיווער?.. ווי־זשע קומט דאָס? די רויטע האָבן דאָך געוואָלט קאָמוניע?.. וועלן מיר אים באפרידיקן...—און דער קאָמענדאנט האָט זיך צעלאכט.—אין א קאָמוניע וועט ער זײַן... אין דער אל־געמיינער גרוב... ווינטער איז אין ז'רויסן,—וועלן מיר זי ניט פארשיטן... און זאָלן אלע זען, ווי קאָמיסארן פילן זיך אין א קאָמוניע...

— אָט דאָ...—האָט אווראָם־בער אָנגעוויזן אפ דעם ברודער־קיווער און דער קאָל איז געווען דערשטיקט פון טרערן.—אָט דאָ, ווײַט פון די רוישיקע גאסן, פון דעם זײַט בייסוילעם־פּלויט האָבן די ראָצכים אויסגעגראָבן א טיפע און ברייטע גרוב און בעהאָרפן אהער די צעשאָסענע און אומגעבראכטע...—און ווידער האָט דער קאָל א ציטער געטאָן מיט שטיקנדיקע טרערן.—שכיינים, פון באַם פרוד האָבן מיר דערציילט: „דײַן איליא, אבראם, איז אזא גוואר ווי דו... אן עכטער קאָמאנ־דיר!... דרײַ מאָל האָט ער זיך בעוואָרפן אפ די הענקער, בא איינעם אפילע די ביקס ארויסגעריסן..

אווראָם־בער האָט זיך אָנגעבויגן גאָר, גאָר נאָענט, איך האָב דערפילט זײַן אָטעם בא זיך אפ דער באק און צוגעגעבן:

— אפילע אפ מאָרגן, ווען איך האָב אים געפונען שוין אָן א פונק לעבן אפ דעם פארקאָוועטן פרוד איז ער געלעגן מיט א פארמאָסטענער רעכטער האנט אינ־דערהויך, אָנגעטאָן אין א גראָב־האָלענער הענטשקע און מיט סינע געדראָט:

— געדענק, נויעך! איך וועל זיך מיט דיר נאָך אָפּרעכענען...

עס איז געוואָרן זייער שטיל, אזוי שטיל, אז עס האָט זיך אפילע געהערט, ווי אפ דער ווײַטער באן־סטאנציע שיפעט א פאנאנדערגעהייצטער לאָקאָמאָטיוו. אווארע א מינוט פינף איז געשטאנען אזא קלינגעוודיקע שטילקײַט, איך האָב ניט אויסגע־האלטן:

— זאָגט מיר פונדעסטוועגן, וואָס פאר א באווײַזן האָט איר, אז נויעך איז גע־ווען פארמישט?..

אווראָם־בער איז ראפּטום אופגעשפּרונגען פונעם אָרט א צעקאָכטער—אן אָנגע־גאָסענער מיט קאס. ער האָט מיך באקוקט מיט אזא סינע, ווי איך וואָלט געווען נויעך, און מיטאמאָל זיך צעשריִען נאָר ווי א טאטע קאָן שרײַען אפ אזא זון, ווי נויעך:

— זאָגט מיר!.. ווי, אז בא אײַכ וואָלט קאָלטשאק א ברודער צעשאָסנ, וואָלט איר געבליבנ דינענ בא דעמ קאָלטשאקנ?.. א, וואָס שווײַגט איר?..—ער האָט טיפ ארײַנגעקוקט מיר אינ די אויגנ, אונ אז ער האָט זיכ דערקונדיקט, אז איכ בינ אפ זײַנ צאד, האָט ער זקײניש זיכ אראָפּגעלאָזט אפ דעמ בענקעלע אונ זקײניש ארויסגערעדט:

— וואָסער טאטע וועט דאָס אויסטראכטנ אפ אנ אײגענעמ זונ?..

ער האָט איבערגעכאפּט דעמ אָטעמ אונ ווידער זיכ צערעדט:

— איר ווײסט, פונ וועמענ איכ האָב דעמלט דערפילט גרויס קרויוועשאפט? אָט פונ די...—אונ אויסגעצויגנ די האנט אינ דער ריכטונג פונ די זאוואָד־קוימענס.

— פונ וועמענ?

— אָט פונ די, וואָס זײַנענ פריִער פארבײַגעגאנגענ אפ דער ארבעט... איר האָט דאָכ געזענ... אונ דעמלט, דארפט איר וויסנ זײַנ, איז געווענ אנ אנדער צײַט. דער טריט האָט געקלונגען פונ אהינטער יעדער ראָג. א גרויל!... איכ האלט זיכ נאָכ אלצ דאָ פאר א בעזשענעצ, פאר א פרעמדנ, אונ זײ, די היגע ארבעטער, געבוירענע אוראלצעס קומענ צו מיר אינ שטוב, ווי לאנגיאָריקע גוטע פרײַנט,—וואָרומ בא זײ איז אויכ בא יעדנ אײנעמ פאראנ א פעקל! קומענ זײ צו מיר אינ שטוב אונ טרײסטנ מיכ אָנ ווערטער...—ער האָט ארופגעלײגט זײַנ אלטע, גרויסע האנט צו מיר אפנ אקסל אונ צוגעגעבנ:—אָנ ווערטער, פרײַנט מײַנער, זאָגט א מענטש אנ אנדערש מאָל ארויס אסאכ, אסאכ מער אײדער ער פלוידערט אָנ א פולנ זאק...

אווראָמ־בער איז שווער אנשווײגנ געוואָרנ.

דער טאָג האָט זיכ געענדיגט צו פארנאכט־צו, די זונ האָט שוינ געהאלטנ גאנצ ווײַט אפ מײַרעוו, געפלאַנטערט זיכ ערגעצ אהינטער די זאוואָד־קוימענס אונ געלאָפנ אלצ פונ דעמ רויכ אונ סאזשע, וואָס האָט געזעצט פונ אָט די פילצאָליקע קוימענס. אביסל ווײַטער, אָט דאָרט, ווו מעיושעוודיק פליסט די טײַכ קאמא, האָט זיכ באוויזנ א געקרײַזלטער וואָלקנדל, צו א רעגנ איז נאָכ ווײַט, נאָר אפ א ווינט איז דאָס אנ אָנזאָג, באלד טאקע האָט די קאמא זיכ צעבלאָזנ מיט אירע ווינטנ, צופּערשט שוואכ אונ לינד־זומערדיק, אונ דערנאָכ אלצ שטארקער, פארשײַטער, מיט א פײַפ. די ווינטנ זײַנענ דורכגעלאָפנ דעמ פוסטנ אונ גרויסנ פלאצ אונ אָנגעפלויגנ אפ די קלומבעס אונ אפ דעמ דענקמאָל מיט שטויב אונ מיט פיצעלעכ שטרוי.

פלוצעמ איז אווראָמ־בער אופגעשפרונגענ פונעמ אָרט. די אויגנ זײַנענ בא אימ געווענ דערשראָקענע, אָנגעגאָסענע מיט צאר, דער אָטעמ אָפּגעריסנ, ער האָט קאָמ ארויסגעשטאמלט:

— איר הערט?... איר הערט, ווי זײ וויינענ אונ קלאָגנ דאָרט?.. — אונ מיט א ציטערדיקער האנט אָנגעוויזנ אפנ ברודער־קייווער.—וו־וו־וואָס קוקט איר אפ מיר אזוי?... הערט זיכ צו!... נו, איר הערט סײַדנ ניט?..

איכ האָב אָנגעשטרענגט דעמ כוש.ווירקלעכ, פונעמ דענקמאָל האָט זיכ געטראָגנ א צעצויגענער געוווי אפ א דינ שטימעלע. אפ א רעגעלע ווערט עס איבערגעריסנ אונ ווידער צעצויגנ אונ דינ. דער ייִד איז נאָכ אלצ געשטאנענ דעמ קאָפּ עסוואָס אָנ א זײַט, אונ דעמ אויער אָנגעשפיצט צומ דענקמאָל. איכ האָב פאר־

זיכטיק אריבערגעשפאנט די קלומבעס אונ די קווייטנ, דערנענט זיכ ביזנ סאמע דענקמאָל אונ גענומענ אימ ארומקוקנ אונ אויספאָרשנ.

פאר מיר איז געוואָרנ קלאָר: די טשוהונענע ביקסנ־דערנ, וואָס גייענ איינע נאָכ איינע לענגויס אלע פיר ווענט פונ דעם פאָסטאמענט זײַנענ אינ אינווייניק פוסט, די צײַט — פופצנ יאָר רעגנס אונ שנייענ — האָבנ אויסגעגעסנ אינ די רערנ קליי־ניקע לעכעלעכ, שפעלטעלעכ, פײַפט דער ווינט דורכ די לעכעלעכ אונ שפעלטעלעכ אונ עס באקומט זיכ א פארדעכטיק געוויי.

איכ האָב דאָס ארויסגעזאָגט אווראָמ-בערנ אונ פאָרזיכטיק, ווי מע וועצט אנידער א כוילע, אוועקגעזעצט אימ אפ דעם בענקעלע.

ער האָט זיכ אָפּגערופנ מיט א פארענטפערנ זיכ:

— איר מיינט, איכ בינ פונ יענע, וואָס גלויבנ אינ שרעטעלעכ, אינ באָבע־מײַסעס, אינ נעכטיקע טעג?... מעגט איר וויסנ זײַנ, אז אפילע נאָכ דאָרט, אינ דער אלטער היימ בינ איכ אויכ ניש געווענ פונ גאָטס קאָזאקנ... — אונ ער האָט ווידער אָנגעשטרענגט דעמ אויער, ווי א טויבער, מיט א צוגעלייגטער דלאָניע.

אי. פעפער

# מעשאָלים

## דער פרעסער און די קאטשקע

א גרויסער פרעסער האָט באמערקט דורך זײַנע לאָדנ
א קאטשקעלע א יונגס זיך באָדנ
אינעם טײַכל,
פאר אים האָט באלד א בלענד געטאָנ א יאיכל
מיט אויגנ גאָלדענע באשפריצט,
א פולקע האָט פאר אים געבליצט,
א העלדזל א געפילטס האָט שוינ אינ פלוסטערנ געפינקלט,
מיט גריונ ווי מיט דימענטנ ארומגערינגלט,
האָט ער דערזענ זיך
און איינ פארלאנג
האָט זיך צעפלאקערט, איינ געדאנק:
דאָס קאטשקעלע פארנארנ אינ זײַנ קיך!
ער האָט עס אָנגעהויבנ לויבנ
מיט זיסע רייד:
— מײַנ פרייד
איך וואָלט פאר דיר ניט אָפּגעגעבנ אלע טויבנ,
ווי קומט די פאווע גאָר צו דײַנע פעדערנ,
ס'איז קלאָר פאר יעדערנ,
ביזט אייביק יונג,
ווי קומט דער אָדלער צו דײַנ שווונג,
ווער קאָנ דיך אינ דײַנ שווימענ איבעריאָגנ
איך דארפ דיר זאָגנ,
כ'בינ אויסגעוועג שוינ אפ מײַנ לעבנ ווו א געגנט
און האָב אזא מינ פרומענ פויגל ניט באגעגנט,
און האָב פונ אזא צנוע ניט געהערט;
א בעריעשאפט אינ וואסערנ זיך טוקנ,

און שטענדיק פונעם טײַך ארויסגיין טרוקן!
דאָס קאַטשקעלע איז אָבער אויך געווען א מיוון אפ א טשאד
עס האָט מיט כשאד
זיך אָפּגערוקט פון אונדזער זיסן יונג גאנץ ווײַטלעך
און האָט א זאָג געטאָן אפ קאַטשקע־לאָשן, אָבער זייער דײַטלעך:
— מיר פארשטייען דיך, מײַן פרײַנט, דו רעדסט עס אלץ
בעקיוון
דו ליובסט די קאַטשקעלעך און מיינסט די גריוון!

## א מיִעסע בריִע

א נעפעשל, א מיִעסע בריִע
האָט זייער ליב געהאט רעכילעס טרײַבן
א וואָרט, א קלאנג אפ געסלעך פריִע,
ער איז שוין גרייט פאפירלעך שרײַבן
און איידער עפעס, איידער וואָס
האָט ער ארײַנגעשטופּט זײַן נאָז
און אָנגעהויבן שמעקן...
א מענטש א לײַטישן באפלעקן
האָט אים פארשאפט דעם גרעסטן פארגעניגן...

און ריידן פלעגן ער מיט א זיסן ניגן:
— מע זאָגט, מע רעדט, מיר דאכט זיך אויס
און ווערליק ס'הערט זיך אין די געסלעך...
די ארבעט פונעם יונג איז אזוי העסלעך,
דער פאסקודניאק איז אזוי גרויס,
אז אונדז איז פּאָשעט איצט דערווידער
ציטירן אָט די בריִע אין די לידער...

ווען עמעצ פלעג אים נאָר באמערקן לעם דעם
טויער
פלעגן מען אוועק
ווי הינער פון א טכויר,
עס איז פון אים געגאנג א רייעך, א שרעק!
יעכיל קאָפּייקין — איז געווען זײַן נאָמען,
זײַנע פאפירלעך פלעגן שטראָמען,
ווו נאָר א טיש, א שופלעד און א טיר,
דאָרט איז געווען יעכיל קאָפּייקינס א פאפיר...

מע דארף ניט לייקענען:
יעכיל קאָפּייקינען

האָט אָפּט זיך אײַנגעגעבן אין דער שטיל
דערלאַנגען א רעכיל,
און פריצן פלעגן אים אפילע גלויבן,
יעכיל
האָט דעמלט ווי אפ הייוון זיך געהויבן.

— ס איז דאָ! געפּאַקט א העכט!
— איך האָב געצילט ניט שלעכט!
קאָפּייקין פלעג דערנאָך א כוידעש ראשן,
ביז ס׳האָט דער קאָרבן זיך ארומגעוואַשן!

נאָר לאַנג
האָט שוין קאָפּייקין ציִען ניט געקענט,
מ׳האָט שוין פון ווײַט דערקענט די ברודנע הענט...
און ווען ער איז געגאַנגען דעם לעצטן גאַנג
האָט זיך א שלאַנג
געלאָזט צו אים אנטקעגן
און אים געטאָן טאָן פרעגן:
פון וואַנען טריפּס,
קאָפּייקין פרײַנט, דײַן גיפט?
דערצייל, איך מוז עס וויסן,
איך וואָלט ווי דו געביסן,
מײַן גיפט קאָן אפ איין אָרט נאָר סאַמען
און דײַנע—איבער טרוקעניש און איבער יאַמען!

אזא מין סאָרט וואָלט עפּשער זיך געפּאַסט צו
אונדזער פרײַנט
קרילאָוו;
דער גרויסער דיכטער וואָלט גערעכט געווען ווי
שטענדיק...
איך ענדיק
ניט אזוי, מײַן פרײַנט:
הײַנט
פאַרדינט קאָפּייקין גאָר אַן אַנדער סאָרט
פון אומריינע רעכילעס קאָן מען אין מײַן לאַנד
ניט לעבן,
אונדזער געריכט האָט אים מיט רעכט געגעבן
זײַן קאָשערע פאַרדינטע שטראָף.

# דער פאטעפאָנ

א פאטעפאָנ האָט זיכ געדרייט אפ זײַנ ספרונזשינקע,
א פראָסטער פאטעפאָנ...
ער איז געשטאנענ אויבנאָנ
מ׳האָט אלע מאָל געביטנ די פלאסטינקע.

אָט זינגט ער ווי א כאָר,
אָט צ׳קלט ער זיכ שוינ ווי א טענאָר,
אָט וויינט ער שוינ ווי גוטע פלייטעס ווײנענ,
אָט נעמט ער גאָרקיס א דערציילונג לייענענ...

איר ווילט — האָט איר בא אימ שאליאפינס קאָל,
איר ווילט — איז סאָבינאָווס א לירל,
אָט שפילט ער שוינ ווי אויסטראכ אפנ פידל,
אָט הורעט ער ווי דרײַ אָרקעסטערס מיטאמאָל...
די קלאנגענ שעפט ער גלײַכ פונעמ גאנײַדנ
אפ אלע שפראכנ קאָנ ער ריידנ:

עס ווייט פונ אימ מיט פושקינס מוזע,
מיט שאָלעמ־אלייכעמס יידיש טוט א ווײ,
אָט קלינגט דער קלאָרער איטאליעניש פונ קארוזע,
אָט בײט פונ וואָלגע דער בורלאקישער געשרײ...

אָט טוט א זעצ פונ אימ מיט וואגנערס גוורע,
אָט פליט א מיזרעכ־גרוס פונ סאמארקאנד,
אָט ריזלט די אוקרײַנישע באנדורע,
אָט דונערט דער בראזילישער דזשאזבאנד.

דער פאטעפאָנ איז גרויס בא זיכ געוואָרנ,
אונ זײַנ אמאָליקע באשיידנקײַט פארלאָרנ,
ס׳האָט זיכ אימ פאָרגעשטעלט:
ער קאָנ פארבײַטנ אלע קינסטלער פונ דער וועלט!

אונ אינ א טאָג א שיינעמ
האָט ער עס געמאָלדנ זײַנע שכײנעמ!...
האָט איינער אימ געענטפערט שטיל:
— דו ביסט גערעכט,
דו שפילסט ניט שלעכט,
נאָר אָנ געפיל,
אונ ניט אזוי נעשאָמיק ווי בא לײַטנ,
ס׳קאָנ א ספרונזשינקע קיינ נעשאָמע ניט פארבײַטנ!

דער צװײטער שאָכנ האָט אמאכ געגעבנ מיט דער
    האנט
— קײנ גראָשנ האָט די װערט ניט דײַנ טאלאנט,
װאָס שטופסטו זיכ אינ קאָנ ארײַנ, װאָס װילסטו?
װי מע דרײט דיכ אָנ—אזױ אָ שפּילסטו!

דער פאטעפאָנ האָט ניט געװאָלט די „פרעכע רײד״
    פארשטײנ,
האָט ער זיכ שטארקער נאָכ גענומענ דרײענ,
פונ קאס, צי פונ פארדראָס,
האָט ער געטאָנ זיכ אזא לאָז,
ביז די ספּרונזשינקע האָט געפּלאצט אפ צװײענ.

דער אױספיר איז א קורצער, מײַנע פרײַנט:
באשײדנקײַט באשײַנט אונדז אונ באשײַנט
אונ װער ס'װעט זײַנע קױכעס איבערשאצנ
װעט פריִער אָדער שפּעטער פּלאצנ!

אי. רעזניק

# מאָטע דעכטיאַר

מאָטע דעכטיאר איז אלט געווענ 29 יאָר. געשטאָרבנ אינ בלי־צײַט פונ שאפנ־געבוירנ אינ שטעטל פטיטש אפ פאָלעסיע (ווײַסרוסלאנד) בא א טאטנ א שוסטער. פונ קלײנווײַז אָנ געארבעט מיטנ טאטנ. צו 20 יאָר ענדיקט ער די „ציט־קורסנ אינ מינסק אלס בויער. זײַענדיק א בויער הייבט ער אָנ שטעלנ די ערשטע טריט אלס שרײַבער. אינ 1938 יאָר פארענדיקט ער דעמ ליטערארישנ אינסטיטוט. דאָס לעצטע יאָר פארבינדט ער זײַנ גורל מיט דער רויטער ארמיי.

אָט דאָס איז די באשיידענע ביִאָגראפיע פונ אָט דעמ פאָלעסיער באָכער, וואָס האָט מיט זײַנ קינסטלערישנ טאלאנט זיכ דעראָבערט אנ אָרט אינ דער פראָזע פונ דער יִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

מאָטע דעכטיאר האָט ארויסגעלאָזנ אינגאנצנ צוויי ביכער. דאָס ערשטע ביכל „בויער" איז דערשינענ אינ 1936 יאָר, דער צווייטער בוכ „אפ אײגענער ערד" איז ארויסגעגעבנ געוואָרנ אינ 1939 יאָר. דעמ לעצטנ ביכל האָט דער שרײַבער שוינ ניט באוויזנ צו זענ.

א שלאל מיט מאטעריאלנ, עפיזאָדנ, גרויסע לײַוונטנ וועגנ אונדזער האסטיקנ אינטערעסאנטנ לעבנ האָט געדארפט געווענ ארויסברענגענ דעכטיארס פענ מיט זײַנ צערטלעכקײַט אונ ליריזמ, מיט זײַנ לעבנסלוסטיקער ראָמאנטיק. אינ אימ האָט געברויזט א טאלאנט פונ א גרויסער אינערלעכער קראפט, מיט שטענדיקער אומרויקײַט, וואָס איז אײגנטימלעכ א גרויסנ קינסטלער.

דעכטיאר איז א סאָוועטישער שרײַבער, וואָס האָט שטארק ליב געהאט דאָס לעבנ. אינ יעדער טעמע, וועגנ וואָס ער זאָל ניט שרײַבנ, אפילע וועגנ טויט, איז שטארק קענטיק געווענ דער דראנג אונ די פרייד פונ לעבנ.

דער גלויבנ אינעמ לעבנ איז גרויס. אינ אײנע פונ זײַנע גלענצנדיקע נאָוועלנ „א דענקמאָל" גיט דעכטיאר א זאָג:

„מיר דאכט זיכ, אז איכ וועל קײנמאָל ניט שטארבנ — וויאזוי נעמט עס א מענטש אונ שטארבט". („אפ אײגענער ערד", ז. 63).

אונ עס קלינגט ווי פאטאל, וואָס אָט דעמ פיזיש געזונטנ באָכער האָט צווישנ

אנדערע טעמעס, אויכ בערעגט די טעמע וועגנ טויט. אויכ דורכ דער דאָזיקער טעמע האָט ער אויסגעדריקט זײַנ אקטיווע באַציִונג צומ לעבנ.

עס קומט ארופ אפנ געדאַנק לעוו סאָלסטאָיס באַוווּסטע דערציילונג „דרײַ טויטנ".

עס שטארבט דער אלטער קוטשער כוועדאָר, אפנ אויוונ ליגנדיק, אנ עלנטער, אנ איינזאמער. נאָכנ טויט וועט מענ בעמיילע וועגנ אים פארגעסנ. דער קוטשער סערגיי בעט באַמ שטארבנדיקנ כוועדאָר זײַנע שטיוול. אלציינס שטארבט ער, אפ וואָס דארפ ער זיי האָבנ. דער שטארבנדיקער כוועדאָר גיט אָפ סערגייענ זײַנע שטיוול, ער בעט אָבער סערגייענ, אז פאר דעמ זאָל ער אימ נאָכנ טויט שטעלנ א שטיינ.

באַמ איינזאמנ קוטשער איז פארבליבנ אנ איינאונאיינציקער ווילנ, אז נאָכנ טויט זאָל עמעצער א טראכט טאָנ וועגנ אימ. צו אָט דעמ גרויסנ טראגיזמ פונ טויט קומט נאָכ צו דער טראגיזמ פונ איינזאמקײַט, עלנטקײַט. וואָס איז ווערט דער מענטש? דער מענטש איז זיכ געשטאָרבנ, אפ זײַנ קייווער האָבנ זיכ באַוויזנ גרעזעלעכ. עס איז ניטאָ ווער עס זאָל אימ שטעלנ א דענקמאָל.

די דאָזיקע אסאָציאציע איז ארופגעקומענ אינ צוזאמענהאנג מיט דעכטיארס דערציילונגענ, ווו עס ווערט בארירט די פראָבלעמ פונ טויט.

אינ „צימבאלעס" שטארבט דער צימבאליסט אניסקע, דער, וואָס האָט פריילעכ געמאכט די הערצער פונ קאָלווירטישנ אוילעמ. אניסקע שטארבט א קאָלווירטניק. פארנ טויט בעט מענ ניט בא אימ די שטיוול. נאָכ אימ טרויערט דער גאנצער קאָלווירט, דאָס גאנצע דאָרפ, „אפ א ווײַלע זײַנענ די סערפנ אנשטילט געוואָרנ אונ שניטערס האָבנ איבערגעריסנ א לאנגנ געזאנג"...

דער זיידע אניסקע איז ניט געשטאָרבנ קיינ עלנטער — „אזויפיל פרײַנט אונ כאווײרימ ארומ זײַנ באַרויִקטנ גופ, אזויפיל נאָענטע אונ באקאנטע דערפלעכ בא זײַנ צוקאָפנס". איבער זײַנ קייווער האלט א הארציקע טרויער־רעדע דער בריגאדיר לוקאש, אניסקעס צימבאלע וועט שפילנ, זי וועט ניט אופהערנ.

אינ נאָוועלע „דענקמאָל" איז געשטאָרבנ אינ טיפנ עלטער דער אינסטרוקטאָר פונ צענ יונגע מאליארעס — כעמע מאליאַווסקי. גרויס איז דער ווייטעק, וואָס מע דארפ זיכ שיידנ מיט אזא מענטשנ. די צענ יונגע מאליארעס טרויערנ נאָכ אימ.

„עס איז דאָכ געשטאָרבנ אונדזער אינסטרוקטאָר כעמע מאליאַווסקי, — ניינ, עס קענ ניט זײַנ. אונדזער אלטער אינסטרוקטאָר האָט ניט געוואָלט שטארבנ, ער איז אָבער געשטאָרבנ. מיר וועלנ אימ באַשיטנ מיט ליכטיקע זעמדלעכ, שיינע גרעזעלעכ וועלנ וואקסנ אפ זײַנ קייווער. ליכטיקע ביימער וועלנ וויגנ די שאָטנס אפ זײַנ בערגל. מיר וועלנ קומענ אָנקוקנ זײַנ קייווער. מיר וועלנ שוינ דעמלט זײַנ מאסטערס, וועלנ מיר ברענגענ מיט זיכ אינ די אָרעמס אונדזערע ליכטיקע קינדערלעכ, אונדזער ליכטיקע צוקונפט".

— אָט זײַנענ מיר, אָט איז אונדזער יוגנט, אָט איז אונדזער צוקונפט. האָסט אויכ א כיילעק אינ אונדזער יוגנט. האָסט געבויט מיט אונדז די צוקונפט. שלאָפ זשע רויִק אונדזער ליכטיקער שלאָגלער! א דענקמאָל א שיינעמ פונ מארמאָר אונ בראָנזע וועלנ מיר דיר אויסבויענ". (ז. 66).

דער אינסטרוקטאָר כעמע מאליאווסקי איז געשטאָרבנ׳ ווי א העלד. פאר זײַנ לעבנ האָט ער אָפּגעטאָנ ניט ווייניק. ער האָט פאר זײַנ לעבנ געשאפנ א דענקמאָל, וואָס וועט שטענדיק העלפנ. דאָס איז די ערלעכע, ריינע באציִונג צו דער ארבעט, וואָס איז איינע פונ די גרונט־מײַלעס מיט וואָס אונ־דזוערער א סאָוועטישער מענטש קאָנ שטאָלצירנ, ער האָט דערצויגנ נײַע בויער פאר קינפטיקע דוירעס. כעמע מאַ־ליאווסקי איז פיזיש געשטאָרבנ, אָבער דאָס לעבנ האָט ער רײַכער געמאכט, ער האָט אינ אים ארײַנגעלייגט פיליאָריקע מי.

אניסקע אונ מאליאווסקי האָבנ איבערגעלאָזנ גרויסע קאָלעקטיוונ, וואָס וועלנ זיי שטענדיק דערמאָנענ. זיי האָבנ איבערגעלאָזנ ג־ויסע איבערלעבונגענ. די איבערלעבונגענ זײַנענ ניט קיינ פאריאָסעמטע, נעבעכדיקע געפילנ, וואָס טראָגט פארצווייפלונג פאר די ארומיקע א־נ גאנצנ לעבנ. אינ די איבערלעבונגענ איז פאראנ מונטערקײַט צום ווײַ־טערדיקנ לעבנ. „ווי אנ אייביקער אומשטערבלעכער דענקמאָל האָט זיכ צעשטראלט איבער דער שטאָט אונדזוער פריידיקע יוגנט״. מיט דעמ ענדיקט זיכ דער „דענק־מאָל״.

אינ דער נאָוועלע „אונטער א דעמב״ קומט אומ דער העלדישער „קראסאוועצ״, וואָס אלע מיידלעכ אינ דאָרפ האָבנ זיכ אינ אים פאַ־ליבט — טראָפּימקע. ער איז אומגעקומענ אינעמ קאמפ מיטנ אלטנ לעבנ.

אויב שטארבנ איז שטארבנ ווי טראָפּימקע, ווי כעמע מאליאווסקי, ווי אסאכ באָל־שעוויקעס אינ אונדזוער צײַט, וואָס אָפּפערנ מיטנ לעבנ ־פאר דער צוקונפט. אָט אזוי נעמט אופ דער שרײַבער מיט זײַנ טיפנ סאָציִאלנ כוש די פּראָבלעמ פונ טויט.

דאָס לעבנ איז שטארקער, שטורעמדיקער, ווײַל דאָס לעבנ האָט באקומענ א נײַעמ סאָציִאלנ אינהאלט. ער פארשרײַט דעמ טויט מיטנ באזינגענ דאָס לעבנ.

„שפּיל ווײַל דאָס לעבנ איז שטארקער, שפּיל ווײַל דו ביסט נאָכ שטארקער... שפּיל אזוי לאנג ביזוואנענ עס וועט ניט אנטרונענ די נאכט אונ בא דײַנע פיס וועט זיכ אויסלעשנ א טאָג״. („אונדזוער ערד״, ז. 8).

די גרונט־טעמע פונ מאָטע דעכטיארס דערציילונגענ איז דאָס סאָוועטישע לעבנ מיט זײַנע פריידנ, נײַע געפילנ פונעמ איצטיקנ לעבנ. זײַנ טעמע געפינט דער שרײַ־בער אינ דער טחיִיה פונ דער סאָוועטישער פּאָלעסיע, אינ איר אומיטלבארער ארומרינגלונג. בא דעכטיארנ איז געווענ אָט דער אינערלעכער קויעכ, וואָס געווייג־לעכע דערשײַנונגענ, אפנ ערשטנ קוק, דוכט זיכ, באנאלע, זאָלנ אימ גלײַכ אָנרעגנ, אָנצינדנ זײַנ יוגנטלעכנ טעמפּעראמענט, אונ מיטנ הויכנ אָטעמ דאָס דערהייבנ אונ פאר־אלגעמיינערנ.

אשטייגער: דער שטוקאטור גערשנ ליפּאק איז שוינ אלט אונ די איינציקע דײַגע זײַנע באשטייט אינ דעמ, וואָס מע פירט אימ אריבער אפ פּענסיע, אימ אָבער חילט זיכ נאָכ ארבעטנ. („גערשנ דער שטוקא־ור״).

דער אלטער פּיישע דער סלאָבאָדקער האָט ג־ויס פארגעניגנ פונ דעמ, וואָס ער האָט געשטילט דעמ דאָרשט א וווּאָד רויטארמייער. („בא א ברונעמ״).

די פרייד פ־נ ש־ויִמע פערעוואזניק, וואָס דעקט אופ א שפּיאָנ. („בא א ברעג פונ פּריפּ־אט״).

די פרייד פונעם טרעגער בערל־איטשע, וואָס פאַרמאָגט א טאָכטער, אַן אייגע־נעם דאָקטאָר. („אַן אייגענער דאָקטאָר“).

הענעך דער טעסליער, וואָס לאָזט זיך אָפּ די עלטערע יאָרן קיין בירָאָבידזשא צו די קינדער בויען א ניי־לעבן. („הענעך דער טעסליער“).

דאָס איז די טעמע וועגן גליקלעכן עלטער, די טעמע וועגן גליקלעכע עלטע־רעדט שוין בעמיילע וועגן א גליקלעכן לעבן.

די טעמע פון עלטער פאַרמאָגט אויך אין זיך א געוויסן טראַגיזם. ווײַל ו ס׳זאָל ניט זײַן גרויס די מעגלעכקײַט פון לעבן, קען מען ניט געניס אַזויפיל פון לעבן ווי אין דער יוגנט. אָבער די פרייד פון קענען געניס פון לעבן איז אַזוי גרויס, אַז די טראַגישע זײַט גייט אינגאַנצן אָפּ צ א זײַט. עס ווערט פאַרגעסן. מיר זײַנען איידעס פון אסאך ארויסזאָגונגען און מא־טעריאַלן פון א ריי עלטערע סטאַכאַנאָווצעס און סטאַכאַנאָווקעס, עלטערע מאַמע פון קינדער, וואָס דריקן אויס זייער פרייד פון לעבן דורך דעם, וואָס זיי זײַנע יינגער געוואָרן ניט נאָר גײַסטיק, נאָר אויך פיזיש. דער 90־יאָריקער דזשאַמבו שרײַבט זײַער אסאך אָפּ דער יוגנט־טעמע. מיר גלויבן זיי, ווײַל אַזוי וויר דאָס סאָוועטישע לעבן. מיר גלויבן אויך דעכטיארס דערציילונגען, וווּ עס איז פאַ־ראַן די אַקטיווע באַציִונג און פאַרליבטקײַט אין אונדזער לעבן.

דאָס אַלטע פאַרפאָלק הענעך מיט זײַן ווײַב לעבן שוין דרײַ יאָר אָפּ פּענסיע.

„הענעך האָט אָנגעהויבן באַקומען א גלאַנץ אין די אויגן, עס האָט זיך עטוואָ אויסגעגלײַכט זײַן פּלייצע, אַמאָל טוט ער זיך א כײַנדל אָנטקעגן זײַן אַלטער.

— זע, פייגל, דאַכט זיך, מײַן בערדל הייבט זיך אָן צוריק שוואַרץ ווערן“.

עס ווילט זיך צוליב קאָנטראַסט דאָ דערמאָנען פון בערגעלסאָנס דערציילונג „יוירדים“, וואָס שילדערט דאָס געפאַלענע לעבן פון ביז דער רעוואָלוציע.

דער בלינדער פוזין פרעגט בא יעקוסיעלן איינע קליינינקע פראַגע:

„ביסט שוין גרוי, יעקוסיעל?“

אין דער דאָזיקער קליינינקער פראַגע איז פאַראַן גרויסער טראַגיזם און פאַר־צווייפלונג. ער זעט אים ניט, ער איז בלינד. נאָר ער איז זיכער, אַז ער איז שוי גרוי, אויב ניט איצט איז שפּעטער, ער וועט געוויס גרוי ווערן. דאָס איז די איינציקע פראַגע, וואָס ער שטעלט אים. מער האָט ער בא אים ניט וואָס צ פרעגן.

בא הענעכן איז די פרייד פון לעבן אַזוי גרויס, אַז אַזעלכע געדאַנקען זײַנע שוין אָפּגעטאָן געוואָרן פון אים.

אין דעכטיארס דערציילונגען פאַרנעמט אויך א גרויס אָרט די טעמע פרײַנט־שאַפט.

די מאַמע פון קליינע קינדער גיט אָפּ דעם רויטאַרמייער דאָס לעצטע קריגל זויערמילך. זי אָפּפערט מיטן לעבן פון אירע קינדער, ווײַל זי ווייסט, אַז דער רויטאַרמייער וועט ראַטעווען אַלע קינדער. („א קריגל זויערמילך“).

אין שטעטל קומט צו פאָרן אן אײגענער דאָקטאָר, איז צופרידן ניט נאָר דער טאטע, נאָר דאָס גאנצע שטעטל איז איבעראשט. („אן אײגענער דאָקטאָר").

א באזונדערן אויסדרוק פון פרײַנטשאפט איז צו זען אין דער דערצײלונג „דרײַ ברידער". דרײַ כעװרע: דער שרײַבער, א ציגײַנער און א רוסישער ארבעטן צוזאמען אלס בויער און עס פארקניפּט זיך צװישן זײ א צערטלעכע ליבע, נאָך שטארקער װי צװישן דרײַ לײַבלעכע ברידער.

אָט דער דאָזיקער געפיל צו מענטשן פילט זיך אין אלע דערצײלונגען. גראָד דער ליבע־מאָטיװ אין די דערצײלונגען „די װענערע האָט געפינקלט", אָדער „קאר־טאָפל" פון בוך „בויער" האָט זיך אים װײניקער אײַנגעגעבן.

דעכטיארס סטיל איז אן אקטיװער. מיט אינערלעכער װארעמקײַט, װאָס רעגט דעם לײענער. דעכטיאר איז רעאליסטיש מיט דער אידײ, מיט דער טעמע, מיט זײַנע געשטאלטן, אָבער דאָס רעאליסטישע איז איבערגעבונדן מיט ראָמאנטישקײַט, מיט עקספּרעסיװקײַט, מיט ליריזם, מיט הויכן שװונג. זײַן ליריזם גײט אָפּטמאָל אריבער אין דיכטונג, אין דיכטערישער פּראָזע. אומעטום פילט איר די שטימונג פונעם שרײַבער, זײַן פּאָעטישן אָטעם, זײַן אויפגערעגטקײַט, װי עס ברויזן זײַנע געפילן.

אין דעכטיארס סטיל איז אויך פאראן פּאטעטיק, װאָס דריקט זיך אויס אין אנטציקונג און פארװונדערונג. עס דאָמינירט אין זײַן סטיל די פראגע־פאָרם און אויסרוף־פאָרם.

„װער האָט עס צעצונדן פײַערן אף די בלאָטעס? װער האָט עס צעטרײסלט דעם גליװערדיקן כהאָם?

— באָלשעװיקעס!

אָט אין גומענע שטיװל און אין גומענע פלאשטשן, מיט גרויסע לאָפּעטעס אף די פלײצעס זײַנען זײ אָנגעקומען צום פארשאָלטענעם גליװער און צעבויטעס זײַנע גרונטן"...

„אך, װי עס כראָפּעט זיך און עס כאָלעמט זיך אזױנע נאָענטע שטײַפע כאלױ־מעס, עס העלט אוף די עמעסע בילד פון לעבן אין די אויגן!

פײַערלעך, פײַערלעך, פײַערלעך, לעמפּעלעך, לעמפּעלעך, לעמפּעלעך אף װעגן און שטעגן! אך, סארא ברײטקײַט אף פעלדער! עס ברעכן זיך קאָלװירטישע אזשע־ראָדן פון גוטס און פון שעפע.

— ניטאָ יענער קאַנט פון הונגער און טרויער!" („בושלעס", ז. 109—108). אָדער:

װער האָט געזען דעם קראסאװעץ ארטיאָמען? — װער האָט געהערט װעגן א העלד אזא?

— פונװאַנען איז ער דער ארטיאָם. װער האָט אים צוגעשיקט אהער?

— קײנער װײס ניט, פונװאַנען איז ער, מע קען ניט זײַן טאטן און מע װײסט ניט זײַן מאמען.

אָדער:

אַכ, מיט וויפל קורהאנעס, בערגלעך איז רײַכ מײַנ היימלאנד, מיט וויפל ברײַ־דער־קוואָרים גרויִס זיכ מײַנ לאנד!

נאָכ רײַכער איז מײַנ היימלאנד מיט נײַע שטעט, קאָלווירטנ, צעשטעלטע ווי מאָנומענטנ אפ ביינער פונ אומגעקומענע העלדנ אינ שלאכטנ!

מע קענ ברענגענ נאָכ אסאכ ציטאטעס אינ דעם סטיל, 'אינ וועלכנ עס איז אָנ־שוילעכ די אקטיווע דירעקטע פאָרמ פונ אויסדריקנ זײַנע געפילנ. דאָס איז ניט קיינ הוילע ריטאָריק. די זאפטיקע בילדערישקײַט איז דורכגעדרינגענ מיט איבערגע־פולטקײַט פונ פרייד אונ פארוואונדערונג.

דער דאָזיקער סטיל האָט זייער אָפט געשטערט דעם שרײַבער צו בויענ א פלאנמעסיקנ סיוזשעט, באזונדערס איז עס קענטיק געווענ אינ זײַנע ערשטע דער־ציילונגענ, אונ אויכ אינ זײַנע מער ראָמאנטישע נאָוועלנ.

א סיוזשעט פאָדערט א געוויסע אָביעקטיווקײַט אינעמ באשרײַבנ די זאכ, די פערזאָנ, אָדער די געשעעניש. דעמ שרײַבער האָט זיכ ניט שטענדיק אײַנגעגעבנ אײַנצאמענ זײַנ לירוזמ אינ אָט דער אָביעקטיווקײַט. בא דעכטיארנ איז דעריקער ניט דער סיוזשעט, נאָר ווי עס איז שוינ אויבנ געזאָגט געוואָרנ — די ראָמאנטישע דערהויבנקײַט, דאָס באזינגענ די זאכ.

בעמײלע זײַנענ שוינ אויכ די געשטאלטנ אזוי געבויט. ער פארנעמט זיכ גאָר ווייניק מיט זייער אויסערלעכנ אויסזענ. באם שרײַבער איז וויכטיק ניט אזוי די פיזישע זײַט פונ דער געשטאלט, נאָר די אידיייִשע כאראקטעריסטיק, די אינערלע־כע שטימונג פונ דער געשטאלט. די געשטאלטנ זײַנע זײַנענ אינ גרעסטנ טייל פאר־אלגעמיינערטע, ניט קיינ דיפערענצירטע.

אינ „צימבאלעס" טרעט ארויס אפ אניסקעס קײַוער דער בריגאדיר לוקאש. וועגנ אימ אלײנ ווערט געזאָגט זייער ווייניק. דעמ שרײַבער רעגט די אטמאָספער, די שטימונג פונ זײַנ רעדע.

„ארומ איז געוואָרנ א פארטײַעטע שטילקײַט, ווענ אפנ אקס פונ וואָגנ האָט זיכ אופגעשטעלט די באקאנטע פיגור פונעמ בריגאדיר לוקאש. פארוויאָנדלט אזוי זעט אויס זײַנ פארוואקסנ פאָנעמ. די אויגנ, פארווייקטע אינ טרויער, האָבנ געפינטלט, אונ די באָרד, זײַנ גרויסע באָרד, האָט זיכ ווי אפ העפקער פאנאנדערגעלאָזנ, ס'האָט ניט הארמאָנירט זײַנ ווייכער גוטער קאָל מיט זײַנ גרויסער פיגור. אונ ווענ ער האָט דאָס מויל געעפנט, האָט פונ דאָרטנ ווי ארויסגעווייעט א שווערע בענקעניש, א טיפער פארלוסט־געפיל...

אונ דאָס באוואקסנ פאָנעמ פונעמ בריגאדיר לוקאש האָט זיכ שטארק אזוי פאר־קרימט, אונ זײַנ האנט איז געווענ פארהויבנ אינדערהייכ. אונ ס'האָט א לענגערע ווײַלע זיכ איבערגעגאָסנ אלערליי טענער אינ זײַנ קאָל, אלערליי פארבנ אינ זײַנע אויגנ. אפ א ווײַלע האָבנ געשטומט די מעשענע טרויבנ אונ ס'האָט געדאכט, אז לאנג, לאנג וועט ער דערציילנ א געשיכטע, א מײַסע פונ א מענטשנ, וואָס האָט לאנגע יאָרנ געפויזעט איבער זײַנ פאָלאָסקעלע, געלעבט אינ א כאטע א קורניק, געטראָגנ ליקענע לאפטיעס, געבאקט הרעטשענע קאראווײַענ" (ז. 5).

ווענ מיר האָבנ א מעגלעכקײַט ציטירנ די גאנצע רעדע זײַנע, וואָלטנ מיר גע־

זען, אז עס איז אַן עכט סאָוועטישער מענטש מיט געזונטע באָלשעוויסטישע געפילן. אין אָט דער ציכּירטער רעדע איז שוין פאַראַן אין אַ גרויסער מאָס די אינערלעכע כאַראַקטעריסטיק פון לוקאשן. לוקאַש איז אַ האַרציקער מענטש, מיט זייער אַ פילבאַרער נעשאָמע, ער פאַרמאָגט מענטשלעכקייט, גרויסן מיטלייד און ראָמאַנטישע פאַרטראַכטקייט. אין אָט דעם געוויינלעכן קאָלכאָזניק האָט דער שרײַבער געפונען ניט נאָר ערלעכקייט, נאָר אויך גרויסע בענקשאַפט און פילבאַרקייט.

באַנאַנד מיט די ערדישע געשטאַלטן פון סאָוועטישע מענטשן זײַנען אויך פאַראַן אויסגעטרוימטע געשטאַלטן מיט אַ סימוואָלישער באַזאַ־בונג.

אין די זעלבע „צימבאַלעס“ באַווײַזט זיך אינעם פינאַל אַזוי סימוואָליש אַניסקעס זון, וואָס שפּילט אויס אָפּן טאַטנס צימבאַלע פאַרשיידענע ניגונים. אָפּ אַזאַ אויפן דריקט ער אויס זײַן טרויער איבערן טאַטן.

אין „דעוקמאָל“ איז באַ כעמע מאַליאַווסקען פאַראַן אַ „טאָכטער“, וואָס אַלע צען יונגע מוליאַרעס ציִען זיך צו איר. דער אינסטרוקטאָר זייערער האָט צוגעזאָגט זײַן טאָכטער פאַר דעם ווער ס'וועט אַרבעטן בעסער. און אָט וויִאַזוי די כעוורע שטעלן זיך פאָר די „טאָכטער“.

„יעדער אָוונט, ווען שטאָט צינדט זיך אָן אין פײַערן, — העלע טרוימען, — דאַכט זיך אונדז, אַז זי גייט אויף איבער דער שטאָט אַזאַ הויכע אין שיינע און זי שליסט אײַן דעם טאָג. און אָט מיטאַמאָל קומען אויף הויפנס גרויסע פײַערן. עס טוט אַ בלענד דער הימל אין שאַרפע בראָנזע־קאָלירן, עס הייבט אָן ברענען די וועלט, און מיר ברענען אויך“. (ז. 56).

דאָס איז אַן אויסגעטרוימטע געשטאַלט. זי איז געגעבן געוואָרן מערער אָפּ צו באַצײַנען די געשטאַלט פון זייער טײַערן אינסטרוקטאָר.

און ס'איז אינטערעסאַנט, אַז די ערדישע געשטאַלטן פון אַניסקען און מאַליאַווסקען ווערן באַצײַנט מיט פאַנטאַזיע, מיט אויסגעטרוימטע געשטאַלטן.

אינעם ט־פּאוש פון דער נאָוועלע „ביוסטן“ פיגורירן ביוסטן פון די בעסטע שלאָגלער, פּליִער און פאַראַשוטיסטן פון אונדזער לאַנד, וואָס לעבן און אַרבעטן. די דאָזיקע ביוסטן האָט מען אויפגעשטעלט אין פּאַ־ק פאַר קולטור און אָפּרו און דערנעבן זיצט אַ וועכטער, וואָס היט זיי, און דאָ האָט אַ מעגלעכקייט דער שרײַבער צו באַווײַזן זיי און אויסדריקן זײַן באַנײַסטערונג.

אויך אין זײַנע מער שפּיגערישע דערציילונגען איז פאַראַן די אינערלעכע וואַרעמקייט. אָבער בעשטומפּן ניט די פּאַסיווע באַשרײַבונג. אויך דאָ איז דעכטיאַר מיט זײַן אומרויִקער פּנים, מיט זײַן עקספּרעסיע. די וואָכעדיקע ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר באַקומען גאָר אַן אַנדער שײַן.

די פּורמאַנעס, פּליטניקעס און טרעגערס, וועלכע מיר זײַנען געוווינט צו זען זיי מיט הייקערס, פאַרדאַרבענע, פאַרטעמפּטע, ווערן באַם שרײַבער באַוויזן אַזוי ווי אונדזער סאָוועטישער לעבן האָט זיי אוועקגעשטעלט — אין זייער יאָגעניש, אין זייער פרייד.

אשטייגער, בענציע דער קאַמענקער פון דער נאָוועלע „טרײַע וועכטער“. ער פאַרמאָגט צוויי זין. איינער אַרבעט אין נקוור. דער צווייטער איז אַ קאָמאַנדיר אין דער רויטער אַרמיי. דער טאַטע ווייסט, אַז זײַנע צוויי זין זײַנען וועכטער, וואָס

היטנ גרעסערע זאכנ פונ אים. ער שטאָלצירט מיט זיי, ער לעבט געדאנקלעכ מיט זיי. אונ בענציע אליינ פילט זײַנ גרויסע ווערדע אלס א ווערכטער. ער פילט ניט די שווערקײַט פונ זײַנ ארבעט. ער איז א טרוימער, וואָס זעט דאָס העלע, דאָס שיינע. „ווי צווישנ גרויסע פאנטאסטישע פײַערנ שפאנט ארומ בענציע דער ווערכטער, שפאנט ארומ מיט א פאוואָלנ טראָט אונ ברומקעט אונטער אנ אייגענעמ ניגנ. אונ ווענ עס שלאָפט אײַנ א שטעטל, ווענ עס פארלעשט זיכ א לעצטע פײַערדיקע אויג אינ א שטוב, דאנ ווערט זײַנ קאָפ פול מיט דערמאָנונגענ. ער ווערט פארטראכט.

ער טראכט ניט בלויז וועגנ זײַנע קינדער, וואָס היטנ די „פײַערלעכ פונ לעבנ“, נאָר אויכ אסאכ ווײַטער.

„דאָרטנ אינדערווײַט איז פאראנ א שטאָט, אינ דער שטאָט זײַנענ פאראנ אסאכ מויערנ, נאָר איינ מויער מוז דאָרט זײַנ העכער פונ אלע אונ שטארקער פונ אלע, דורכ טאָג אונ נאכט ברענענ דאָ גרויסע, העלע פײַערנ“.

אונ ווײַטער:

„די נאכט גייט שטענדיק אויס בא זײַנע פיס. פאר זײַנע אויגנ לעשט אויס דער הימל זײַנ צירונג. דעמ לעצטנ שטערנ אפנ מיזרעכ באגלייט ער, דעמ אופגאנג פונ דער ליבלעכער זונ נעמט ער אופ מיט א וואכעדיק אויג.

— פאר אימ אונ אזוינע ווי ער גייט זי אופ די זונ“. (ז. 119).

דעמ פראָסטנ באשיידענעמ ווערכטער שטעלט ער אוועק ווי א מאָנומענט אינ אָט דער שיינער פאנטאסטישער נאכט. ער שענקט פאר אימ די שענסטע פארבנ.

דערכטיאר דערהויבט זײַנע געשטאלטנ, ער באפליגלט זיי, ער נעמט זיי ארומ מיט אנ אָרעאָל. ער טרוימט אונ פאנטאזירט צוזאמענ מיט זיי. ער מאָלט זײַנע געשטאלטנ אויסערלעכ גאָר באשיידנ, אָבער אינערלעכ וואקסנ זיי אויס מיט זייערע איידעלע באגערנ, מיט זייערע לײַדנ אונ פריידנ. דער אווטאָר מאָלט שטענדיק זײַנע פערסאָנאזשנ מיט גרויסער עמאָציאָנעלער אָנלאָדונג.

בא אייניקע געשטאלטנ איז אויכ פאראנ הומאָר, דורכגעדרונגענ מיט גוטהארציקײַט אונ זהאָפּערדיקײַט, וואָס איז זייער כאראקטעריסטיש פארנ פאָלקס-מענטש. אשטייגער, בערל-איצע פונ דער דערציילונג „אנ אייגענער דאָקטער“, „וואָס האָט קיינמאָל ניט געקרענקט“, אונ „וואָס קענ ניט לעבנ אָנ מענטשנ“.

אינ אלע געשטאלטנ, אינ א וואָסער פאָרמ זיי זאָלנ ניט זײַנ אויסגעדריקט, איז פאראנ די הויכע באגײַסטערונג פארנ סאָוועטישנ מענטשנ, פאר זײַנ הויכער ווערדע, אָרגאנישע ליבע צומ פאָלק פונוואנענ ער אליינ שטאמט.

בא דערכטיארנ איז די בילדערישקײַט א קאָנדענסירטע, דאָס פארשווערקט אָבער ניט דעמ איפנאמ-פראָצעס פונ זײַנע דערציילונגענ.

דעמ שרײַבערס אויג קאָנ זיכ ניט אָפּשטעלנ אפ א געוויסער דעטאל אונ זי ארומשפילנ. זײַנ אָביעקט דאָס איז פאָלעסיע, דאָס שטעטל, די שטעטלדיקע יוגנט. אונ זײַנ פּייזאזש איז דורכזיכטיק מיט א שטענדיק מונטערער שטימונג. אויכ דער פּייזאזש שליסט זיכ אײַנ אינעמ אלגעמיינעמ סטיל פונ דערהויבנקײַט, שטימונגס-פולקײַט אונ טרוימערישקײַט.

„אינ הויכנ הימל לײַטערט זיכ א זוניקער יול-טאָג. יאָנטעוודיק דערהויבנ זעט אויס דער קאנט. עס וויגט אומ זײַנע קרוינענ דער שטאָלצער, רײַכער וואלד.

עס לופטערנ אומ פאָנענ איבער ווײַטע אונ נאָענטע שטעטלעכ, קאָלווירטנ. עס טרליענ זיכ איינע צו די אנדערע שווערע קעפּלעכ פונ הויכע זאנגענ אינ פעלד, סטײַעס פייגעלעכ מיט צעפּאָכעטע פליגלענ ברענענ אפ זונ אונ שוועבנ אומ, ווי פילקאָלירנדיקע אָפּגעריסענע שטיקלעכ וואָלקנס. פארבראָנזעט-דערהויבנ זעט אויס דער אלטער דעמב באמ זונ-אופגאנג, די זיבנ אלטע פלעכטנ שטײַפער אימ ארומ אונ צוזאמענ מיטנ טרוכליאווג זאָקנ וואקסט אויס א דערמאָנונג, אונ ווי א ווײַטע ליגענדע פלעכט זיכ א קליינע דערציילונג". („אונטער א דעמב", ז. 71).

דער פייזאזש איז א דינאמישער, א פײַערלעכער, פול מיט שײַנ.

מירנ ברענגענ נאָכ א ציטאטע, ווו ס'איז באזונדערס שטימונגספול אונ שטענדיק איז פאראנ אינ אימ דער פאָלעסישער אָרנאמענט.

„אומעטומ איז געווענ באגאָסנ מיט זומער. די פארנאכטיקע זונ האָט באגילט שפּיצנ פונ לעבעדיקנ וואלד, האָט צעווייעט גאָלד אינ צעגרינטנ פעלד אונ האָט באשפּריצט די גאנצע ערד. עס איז געווענ מער גאָלד פונ זונ אפ דער ערד, ווי אפנ הימל. גייסט ארויס אינ אזא ווײַלע אפ די אָפענע וועגנ פילסטו נאָכ שטארקער דעמ כיעס פונ זומער. יעדער פויגל פונ מײַנ היימלאנד איז פול אזוי מיט זרמערדיקע טענער, אינ יעדנ שאָרכ פונ בוימ פילסטו דעמ כיעס פונ לעבנ". („בא א ברעג פונ פריפעט", ז. 97).

מאָטע דעכטיאר האָט אינ זײַנע ווערק געשילדערט דאָס טאָגטעגלעכע סאָוועטישע לעבנ פול מיט פאטאָס, מיט ראָמאנטישער דערהויבנקײַט.

ראָמאנטיזמ האָט זיכ זייער אָפט אסאָצײִרט ווי א דערשײַנונג פונ פאסיווקײַט, ווי א שוואכקײַט פונעמ שרײַבער, פונ ניט קענענ גויטער זײַנ דאָס רעאלע.

אלעקסיי מאקסימאָוויטש גאָרקי האָט אונטערשיידט דעמ „אינדיווידואליסטישנ" ראָמאנטיזמ פונעמ „סאָציאַלנ" ראָמאנטיזמ.

„עס איז פאראנ ראָמאנטיזמ, וועלכער אנטשטייט אפנ באָדנ פונ דעמ, וואָס דער מענטש פארשטייט זײַנ פארבינדונג מיט דער וועלט אונ דערפירט זײַנ שעפערישע קראפט, וואָס איז ארויסגערופנ געוואָרנ דורכנ דאָזיקנ באוווסטזײַנ".

מאָטע דעכטיארס שאפנ קענ מענ זאָגנ איז די בעסטע איליוסטראציע צו גאָרקיס כאראקטעריסטיק פונ „סאָציאַלנ" ראָמאנטיזמ. מאָטע דעכטיארס שאפנ איז געווענ ענג פארבונדנ מיטנ רעאלנ לעבנ. אונ די שעפערישע קראפט זײַנע איז ארויסגעדרונגענ פונ דער פארבינדונג מיטנ טאָג-טעגלעכנ סאָוועטישנ לעבנ.

מאָטע דעכטיאר האָט אינ זײַנ שאפנ אויסגעדריקט די בעסטע געפילנ פונ אונדזערע סאָוועטישע מענטשנ. די געפילנ פונ שטאָלצ, פונ מענטשנ-ווערדע, געפיל פונ פרייד, פונ יוגנטלעכקײַט.

ער איז געווענ א יוגנטלעכער שרײַבער, וואָס האָט באזונדערס געפילט די פרייד פונ אונדזער זײַנ.

דער אקטיווער פראָצעס פונ אונדזער לעבנ, דער האסטיקער טעמפּ, די הויכע געפילנ, וואָס יעדערער פונ אונדז לעבט איבער האָט געפונענ אנ אָרט אינ דעכטיארס פרעכטיקע דערציילונגענ.

# מאָטע דעכטיאַר

געשטאָרבן אונדזער טײַערער כאַווער, אײנער פון די טאַלאַנטפולסטע יונגע פּראָזאיקער מאָטע דעכטיאַר. מיר וועלן שוין מער ניט הערן זײַן ברוזיקע שטים, די שטים פון אַן עכטן סאָוועטישן שרײַבער. מיר וועלן שוין מער ניט זען אים, אָט דעם טעמפעראַמענטפולן, לעבנסלוסטיקן כאַווער אונדזערן, וועלכער האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער ליטעראַטור אַזויפיל פרישקײַט, בונטקײַט, פאַרביקײַט. ערשט נעכטן האָבן מיר געהאַלטן אין האַנט זײַן נײַ־דערשינענעם בוך „אַף אונדזער ערד“. מאָטע אַלײן האָט נאָך ניט באַוויזן צו באַקומען זײַן בוך. מאַמעש סימבאָליש קלינגען די ערשטע שורעס פונעם בוך: „געשטאָרבן דער יונגער צימבאַליסט אַניסקע“. נאָרוואָס, דאַכט זיך, האָט ער אונדז פאָרגעלײענט די דאָזיקע דערצײלונג וועגן אַניסקען דעם צימבאַליסט, נאָרוואָס, דאַכט זיך, האָבן מיר באַוווּנדערט זײַן פּרעכטיקע דערצײלונג „דענקמאָל“. ווי ליב ער האָט געהאַט זײַן סוויווע, די בויער, די אַרבעטער־יונגען און אַרבעטער־מײדלעך, ווי ליב ער האָט געהאַט זײַן הײם פּאָלעסיע, ווי פײַן ער האָט זי געשילדערט, ווי פאַרבן־רײַך ער האָט געפילט די נאַטור, די מענטשן, די נײַע פאַרהעלטענישן צווישן זײ. מאָטע דעכטיאַר איז געווען אַ נײַער, עמעס סאָוועטישער שרײַבער, מיט אַלע זײַנע וואָרצלען האָט ער געשטעקט אין אָט דער נײַער סוויווע, אַלײן געווען אַ קינד פון איר און אײנער פון אירע בעסטע שילדערער.

אַ קורצע בריוועלע פון זײַנעם אַ כאַווער אַ רויטאַרמייער האָט אונדז געבראַכט די טרויעריקע ידיִע, אַז מאָטע איז טויט. אונדז האָט זיך ניט געוואָלט גלויבן. אונדז ווילט זיך נאָך איצט ניט גלויבן, אַז דער 29־יאָריקער מאָטע דעכטיאַר איז ניטאָ צווישן אונדז, אַז מיר וועלן אים שוין מער קײנמאָל ניט זען, קײנמאָל ניט.

מאָטע דעכטיאַר איז געשטאָרבן. מיר וועלן אײביק געדענקען אונדזער טײַערן כאַווער. זײַן אָנדענק וועט שטענדיק זײַן מיט אונדז.

מיר וועלן דיך קײנמאָל ניט פאַרגעסן, טײַערער מאָטע, קײנמאָל ניט. ערע דײַן אָנדענק, ערע!

יאַנקאַ קופּאַלאַ, יאַקוב קאָלאַס, מ. לינקאָוו, ז. ביאַדוליאַ, ז. אַקסעלראָד, איליִנסקי, פּ. בראָווקאַ, ר. בראָכעס, ה. בעריאָזקין, ר. בוימוואָל, וו. וואָלסקי, פּ. גלעבקאַ, אי. גורסקי, מ. גרוביאַן, כ. גורעוויטש, ל. טאַלאַלײַ, קוזמאַ טשאָרני, ז. טעלעסין, אַ. יאַקימאָוויטש, מ. ליפשיץ, ס. לעלטשוק, כ. מאַלטינסקי, יאַ. מאַוור, ר. מוראַשקאַ, מ. מאָדעל, י. סערעבריאַני, אַ. פלאַטנער, אָ. פינקעל, מ. פּאַסליעראָוויטש, פּ. פּאַנטשענקאָ, פּ. פלאָטקין, ע. אָגניעצוועט, ז. צירלין, מ. קלימקאָוויטש, ה. קאַמענעצקי, ע. קאַהאַן, ס. קאַהאַן, אַ. קוליעשאָוו, אַ. קושער, ל. קאַצאָוויטש, ה. קאָנדראַטיענִיאַ, ר. רײזין, אי. רעזניק, ה. רעליעס, ה. שוועדיק, פּ. שינקלער.

# אינהאלט

| | |
|---|---|
| | זײַט |
| מ. ליפשיצ — אפ מילכאמע (פונ א פאעמע) | 1 |
| דער ניסטער — צוויי טויטנ, איינ כאסענע | 5 |
| בינים העלער — לידער | 39 |
| י. עמיאט — לידער | 42 |
| שייע שקאראווסקי ארדענונג (פונ צווייטנ בוכ „אדעס") | 44 |
| יאסעפ רובינשטיינ — לידער | 58 |
| לייב מארגענטוי — לידער | 60 |
| ראכל בראכעס — אפפאר | 62 |
| ש. פערסאוו — זינ (דערציילונג) | 67 |
| אי. פעפער — מעשאלים | 81 |
| אי. רעזניק — מאטע דעכטיאר | 86 |

רעדקאלעגיע.

אפגעגעבנ צומ דרוק 25/XII—39 י. אונטערגעשריבנ צומ דרוק 23/II—40 י. צאל דרוק־בויגנ 6.
טיראזש 2000. באשטעלונג נומ. 1145. גלאװליטבעל נומ. 25.

דרוקעריי א. נ. סטאלינ — מינסק.

פרייז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
## (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс





ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Мінск, Рэволюц. вул., 2.